פֶּערלַאג „פָאלְקְסבִּילְדוּנְג".

---

# צִיוֹנִיסְטִישֶׁע בִּיבְּלִיאָטְהֶעק.

# אַלְט־נַייְלַאנְד

פוּן ד"ר ט. הֶערְצְל.

אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אוּנ בֶּעאַרְבַּייטֶעט

דוּרְך מ. קְלַיינְמַאנְן.





קְרָאקוֹי. תרס"ד.

דְרוּק פוּן ש. ל. דַייטְשֶׁער, אִין פָּאדְגוּרְזֶע.

---

ZIONISTISCHE BIBLIOTHEK. — ALT-NEULAND.

Verlag »Volksbildung« in Warschau.

Druck von S. L. Deutscher, Krakau—Podgórze. — 1903.



אִיךְ מַיין, אַז אִיהר אַלֶע, מַיינֶע לֶעזֶער, הָאט שׁוֹין גֶעהָערְט פוּנ'ם „אַלְטְנַיילַאנְד", ס'הֵייסְט פוּנ'ם בִּיכְל מִיט דֶעם נָאמֶען, וָואס אִיז נִיט לַאנְג עֶרְשִׁיעֶנֶען, אַ רָאמַאן פוּנ'ם צִיוֹנִיסְטִישֶׁען פִיהרֶער ד״ר הֶערְצְל.

גֶעהָערְט הָאט אִיהר גֶעווִיס, ווַייל אַ גַאנְץ הִיבְּשֶׁע צַייט הָאבֶּען דֶערִיבֶּער גֶעפּוֹיקְט אַלֶע יוּדִישֶׁע צַייטוּנְגֶען אוּנ פַייעֶרִיגֶע רֶעדֶעס זֶענֶען אָבְּגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען אִין צִיוֹנִיסְטִישֶׁע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען. — קֶענֶען אָבֶּער אַלֶע דָאס וֶוערְק, וֶועגֶען וֶועלְכֶען עֶס רֶעדְט זִיךְ מִיט אַזַא הִיץ?

אִיךְ ווִיל אַייךְ דֶערְמִיט בֶּעקֶענֶען אוּנ גְלוֹיבְּט מִיר, אַז אִיךְ הָאבּ דֶערְבַּיי קֵיין שׁוּם כַּוָונָה זָרָה נִיט. אִיךְ ווִיל נִיט שַׁאפֶען קֵיין שְׁטִימוּנְג אִין דֶער אָדֶער אִין יֶענֶער זַייט. אִיךְ ווִיל נָאר, אַז אִיהר זָאלְט פְרִיהֶער דִי זַאךְ קֶענֶען אוּנ נָאכְדֶעם עֶרְשְׁט אַייעֶר מֵיינוּנְג זָאגֶען.



# I.

דָאס בּיכל „אַלְטְנַיילַאנְד" הֵייבְּט ד"ר הֶערְצְל אָן מִיט אַזַא מַעֲשֶׂה: אֵיינֶער אַ יוּדִישֶׁער יוּנְגֶערְמַאן אִין ווִיען, ד"ר פְרִידְרִיךְ לֶעווֶענְבֶּערְג, אַ גֶעקְאנְטְשֶׁעטֶער יוּרִיסְט, נָאר אָהן פְּרַאקְטִיקֶע, הָאט זִיךְ פַארְלִיבְּט, ווִי מֶע זָאגְט, אִיבֶּער דִי אוֹיעֶרֶען אִין אַ יוּדִישׁ־גְבִיר'ישׁ מֵיידְל פוּן דִי הוֹיכֶע פֶענְסְטֶער, אִיךְ מֵיין פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאהן, פוּן דֶער רַייכְסְטֶער קְלַאס אִין ווִיען.

דִי יוּדִישֶׁע רַייכֶע קְלַאס אִין ווִיען, ווִי אַלֶעמֶען בֶּעקַאנְט, אִיז אַסִימִילַאטָארִישׁ גֶעזִינְט, מֶע זוּכְט מִיט אַלֶע מִיטְלֶען גֶעפֶעלֶען דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט, אוּנ ווֶעגֶען יוּדִישֶׁע נַאצִיאָנַאל, יוּדִישֶׁע אִינְטֶערֶעסֶען ווִיל מֶען גָאר נִיט טְרַאכְטֶען. ד"ר הֶערְצְל מָאלְט אָב דִי דָאזִיגֶע יוּדִישֶׁע קְלַאס אִין פָאלְגֶענְדֶער סְצֶענֶע, ווֶעלְכֶע קוּמְט פָאר בַּיי דֶער פַאמִילְיֶע לֶעפְלֶער בַּיי דֶער סְעוּדָה פוּן עֶרְנֶעסְטִינֶעס תְּנָאִים (עֶרְנֶעסְטִינֶע אִיז דִי גֶעלִיבְּטֶע פוּן ד"ר לֶעווֶענְבֶּערְג). סֶע ווֶערְד אַ רֶעדֶע ווֶעגֶען יוּדִישֶׁער לַאגֶע. ד"ר ווַייס, דֶער רַאבִּינֶער, זָאגְט:

„בַּיי אוּנְז אִין מֶעהרֶען ווֶערְד אוֹיךְ דִי לַאגֶע שְׁלֶעכְט. אוּנְזֶערֶע יוּדֶען זֶענֶען, אִין דִי קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְטְלֶעךְ אִיבֶּערְהוֹיפְּט, אִין גֶעפַאהר. זֶענֶען דִי דַייטְשֶׁען שְׁלֶעכְט אוֹיפְגֶעלֵעגְט, שְׁלָאגֶען זַיי אוֹיס דִי פֶענְסְטֶער בַּיי יוּדֶען, זֶענֶען ווִידֶער דִי טְשֶׁעכֶען אוֹיפְגֶערֶעגְט, בֶּעפַאלֶען זַיי דִי יוּדֶען. אַזוֹי אָדֶער אַזוֹי אִיז דִי יוּדֶען שְׁלֶעכְט, אוּנ דִי אָרִימֶע לַייט הוֹיבֶּען אָן צוּ אַנְטְלוֹיפֶען. זַיי ווַייסֶען אָבֶּער נָעבִּיךְ נִיט וואוּהִין".

„מאַריטשען!“ רופֿט די פֿרוי לאַשער אין דיעזען אויגענבליק, „איך וויל איבערמאָרגען אין בורגטעאַטער“.

„לאָז צורוה!“ ענטפֿערט דער בערזענמאַן. „ד״ר ווייס דערציילט אונז ווי אַזוי סע זעהט אויס ביי זיי אין מעהרען. באמת ניט שיין“. סאַמועל ווייגבערגער, דעם חתנ׳ס פֿאָטער מישט זיך אַריין: „הער דאָקטאָר, איהר אַלס ראַבינער קוקט שוין דאָרויף צו שוואַרץ“.

„ווייס קוקט תמיד שוואַרץ!“ זאָגט איינער פֿון די צוויי לציס, נאָר דאָס ווערטל פֿליהט דורך ניט בעמערקט.

סאַמועל ווייגבערגער זאָגט ווייטער:

„איך פֿיהל מיך אין מיין פֿאַבריק גאַנץ זיכער. אַז מע וויל ביי מיר עפּיס מאַכען קונצען רוף איך די פּאָליציי אָדער געה צום קאָמאַנדיר. אַז די באָסיאַקעס דערזעהען נאָר די פּיקע בעקומען זיי דרך־ארץ“.

„אַזאַ צושטאַנד איז דאָך אָבער זעהר טרויריג“, בעמערקט ראַבינער ווייס ליבליך.

אַדוואָקאַט ד״ר וואַלטער, וואָס זיין פֿאַמיליען־נאָמען איז לכתחלה געוועזען פֿייגעלשטאָק, בעמערקט: „איך ווייס ניט ווער ס׳האָט געזאָגט, מיט פּיקעס קאָן מען אַלעס מאַכען; נאָר דאָרויף פֿאַרלאָזען זיך קאָן מען זיך ניט“.

„איך זעה שוין“, שרייט אויס לאַשנער, „מיר וועלען אַלע ווידער מוזען טראָגען דעם געלען פֿלעק אויף די קליידער“.

„אָדער אַרויספֿאָהרען“, זאָגט דער ראַבינער.

„זייט זשע מוחל, וואוהין?״ פרעגט וואלטער, „איז דען ערגעץ אנדערש בעסער? אפילו אינ׳ם פרייען פראנקרייך זענען די אנטי־סע מיטען פון אויבען״.

ד״ר ווייס אבער, דער ארימער ראבינער פון א מעהרישען קליינעם שטעדטל, וועלכער האט קיין בעגריף ניט געהאט אין וואסער א חברה ער געפינט זיך, ווארפט תמ׳וואטע ארויין א תשובה:

„זייט איינינע יאהרען איז ענטשטאנדען א בעוועגונג, וועלכע מע רופט ציוניזם. דיעזע בעוועגונג וויל די יודישע פראגע פארענטפער־רען דורך א גרויסארטיגער קאלאניזאציע אין אונזער אלטער היים אין ארץ ישראל. ווער סע קאן שוין מעהר דא ניט אויסהאלטען זאל אהין געהן״.

ער האט גערעדט גאנץ רוהיג און גאר ניט בעמערקט ווי די פנימ׳ער האבען זיך ביסלעכווייז פארצויגען מיט א שמייכעל און איז דעריבער שטארק פארשעמט געווארען בעת ער האט דערהערט דאס געלעכטער, וואס האט אויסגעבראכען, אלס ער האט דערמאנט דאס ווארט ארץ־ישראל. דאס איז געווען א לאכען פון פארשידענע קולות. די דאמען האבען געהאחעט, די הערען — געברילט און צעשמאלצען געווארען. נאר פרידריך לעווענבערג האט דאס געלעכטער געפונען פאר עם־הארצ׳יש און גראב אקעגען דעם אלטען מאן.

א גאנצע רייהע פון וויצען, קלוגע און נארישע, וועגען די יודישע מיניסטארען און ווער עס זיין דער יודישער מלכות א. ד. ג. חכמות, וואס יעדער פון אונז האט זיי שוין געהערט אמאל

טויזענט אונ איינס, סיי אין הויך־שטעקיגע עלעקטריש בעלייכטעטע סאלאנס אונ סיי אין די ארימע בתּי מדרשים ביי דער הרובע אונ פאר א גראשאווע חלב־ליכטל, פאלגט אין דיעזער געזעלשאפט אויך. מע פארטיילט צווישען זיך די פאסטען אונ עפענטליכע שטעלען. איינער וויל וויצינער זיין אלס דער אנדערער. נאר איין ראבינער ווייס בעהאלט נאך דערביי קלארען געדאנק אונ פרעגט:

„פון וועמען לאכט איהר, רבותי? פון זיך אליין?״

„ביין ערענסט וועלען מיר עס נעמען!״ זאגט בלוי (איינער פון די 2 לצים).

„איך בין שטאלץ וואס איך בין א יוד״, ערקלערט לאשנער, ווארום ווען איך זאל ניט שטאלץ זיין וואלט איך דאך סיי ווי א יוד געוועזען. אלזא איז שוין גלייכער, אז איך בין שטאלץ״.

אין דיעזען אויגענבליק זענען די צוויי שטוב־מעדל ארויס־געגאנגען, כדי עפּים אריינצוברענגען. די בעל־הבית׳טע נוצט אויס די מינוט צו בעמערקען:

„פאר די דיענסטען אין די אויגען וואלט גלייכער געוועזען ניט צו רעדען פון יודישע ענינים״.

בלוי ענטפערט דרויף תּיכף: „האט קיין פאראיבעל ניט, מאדאם, איך האב ניט געוואוסט, אז אייערע דיענסטען ווייסען ניט, אז איהר זענט יודען״.

אט דאס איז די ספערע, וואו סע דרעהט זיך אונזער פרידריך לעוועוענבערג, דער דאקטאר אהן פראקטיקע, אונ פון וואנען סע שטאמט

זיין גֶעלִיבְּטֶע, דִי טָאכְטֶער פוּנ'ם רַייכֶען וְויעֶנֶער פַאבְּרִיקַאנְט, לֶעפְּלֶער, עָרְנֶעסְטִינֶע.

## II.

וָועגֶען לֶעווֶענְבֶּערְגֶ'ן אַלֵיין גֶעפִינֶען מִיר אוֹיךְ שׁוֹין אִין אָנְהוֹיב אַ פָּאר בְּלֶעטְלֶעךְ, וָועלְכֶע חַאַרַאקְטֶערִיזִירֶען אִיהם אַלְס אַ קִינְד פוּן זַיין צַייט, אַ פַארְבְּלָאנְזֶעטֶען יוּדִישֶׁען אִינְטֶעלִיגֶענְט, וָועלְכֶען סֶע טוּט וְויעה דִי לַאגֶע פוּן זַיין פָאלְק, וָועלְכֶער פַארְטְרַאכְט זִיךְ אִיבֶּער דִיעזֶער לַאגֶע, וָועלְכֶער אִיז אָבֶּער אַזוֹי וַויט פַארְפִיהְרְט אוּנ אָבְּגֶע־רִיסֶען פוּן יוּדִישְׁקֵייט אוּנ יוּדִישֶׁען גֶעדַאנְקֶען־גַאנְג, אַז עֶר קוּמְט נִיט גְלַייךְ אוֹיף דָאס אֵיינְצִיגֶע אוּנ רִיכְטִיגְסְטֶע מִיטֶעל דִי יוּדֶען־פְרַאגֶע צוּ לֶעזֶען. צוּ דִיעזֶען מִיטֶעל מוּז עֶר עֶרְשְׁט קוּמֶען נָאךְ גַאנְץ לַאנְגֶען וַואנְדֶערֶען אוּנ פִיעלֶעס אִיבֶּערְלֶעבֶּען.

פְרִידְרִיךְ לֶעווֶענְבֶּערְגֶען שְׁטֶעלְט אוּנְז דֶער מְחַבֵּר פוּנ'ם אַלְטְ־נַיילַאנְד צוּם עֶרְשְׁטֶען פָּאר, אַלְס עֶר זִיצְט אִין אַ קַאפֶע־הוֹיז אוּנ חָלוֹמְ'ט וָועגֶען זַיין גֶעלִיבְּטֶער עָרְנֶעסְטִינֶע אוּנ וָועגֶען זַיינֶע צְווֵיי חֲבֵרִים, מִיט וָועלְכֶע עֶר הָאט אַמָאל אַזוֹי גוּט צוּגֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם זֶעלְבֶּען קַאפֶע, „בִּירְקֶענְרֵיים" אוּנ פוּן וָועלְכֶע דֶער עֶרְשְׁטֶער, הֵיינְרִיךְ, הָאט זִיךְ גֶעשָׁאסֶען אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער, אָסְוַואלְד, אִיז אַוֶועק קַיין בְּרַאזִילִיעֶ, אוּם דָארְט צוּ אַרְבֵּייטֶען פַאר דֶער קָאלָאנִיזִירוּנְג פוּן יוּדִישֶׁע פְּרָאלֶעטַארִיעֶר, עֶר אִיז דָארְט אָבֶּער נִיט לַאנְג פוּנ'ם גֶעלֶען פִיעבֶּער אַוֶועקְגֶעשְׁטָארְבֶּען.

אִין דֶעם קַאפֶע פַארְקֶעהְרֶען נָאךְ אַ גַאנְצֶע מֶענְגֶע פוּן אַנְדֶערֶע

אִיהם גְלַייכֶע יוּנְגֶע לַייט, נָאר־וָואס גֶעעֶנְדִיגְטֶע דָאקְטוֹירִים, נַייגֶע־בַּאקֶענֶע יוּרִיסְטֶען, זַאפַּאסְנֶע טֶעכְנִיקֶער א. ד. ג. נָאר דִיעזֶע אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ פוּנ׳ם לֶעבֶּען נִיט אַזוֹי עֶרְבִּיטֶערְט. זַיי הָאבֶּען דֶערִיבֶּער נָאךְ גֶעקָאנְט אוּנְטֶערְהוּלִיעֶן, שְׁפִּיעלֶען אִין בִּילִיאַרְד, זָאגֶען גְלַייכֶע וֶוערְטְלֶעךְ אוּנ פְרִידְרִיךְ הָאט זַיי מְקַנֵא גֶעוֶוען.

דִיעזֶע אַלֶע יוּנְגֶע לַייט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט אַ הָאכְשׁוּלֶע, נָאר צוּ טוּן אִיז נִיטָא וָואס, זֶענֶען צוּמֵייסְטֶען גֶעוֶוען יוּדֶען אוּנ יֶוען וִוי הָאבֶּען נִיט גֶעשְׁפִּיעלְט קֵיין קָארְטֶען אָדֶער בִּילִיאַרְד, פְּלֶעגֶען זַיי קְלָאגֶען אוֹיף דֶער „שְׁוֶוערֶע צַייט", וִוי ס׳אִיז כִּמְעַט אוּנְמֶעגְלִיךְ זִיךְ דוּרְכְצוּשְׁלָאגֶען. לֶעוֶוענְבֶּערְג הָאט זַיי בֶּעדוֹיעֶרְט אוּנ מְקַנֵא גֶעוֶוען אִין דֶער־זֶעלְבֶּען צַייט. אֵייגֶענְטְלִיךְ זֶענֶען זַיי נָאר בֶּעסֶערֶע פְּרָאלֶעטַארִיעֶר, קָרְבָּנוֹת פוּן אַ דֵעָה, וָואס הָאט פַאר צְוָואנְצִיג־דְרַייסִיג יָאהר גֶעהֶערְשְׁט אִין דִי מִיטְלֶע קְלַאסֶען פוּן דֶער יוּדֶענְשַׁאפְט: אַוֶועק פוּנ׳ם הַאנְדֶעל, פוּן דִי גֶעשֶׁעפְטֶען. דֶער זוּהן זָאל זַיין עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ, נִיט וִוי דֶער פָאטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען. דָא הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מַאסֶען־בֶּעוֶועגוּנְג פוּן דֶעם אוּנְטֶערְוַואכְסֶענְדֶען דוֹר צוּ דֶער „בִּילְדוּנְג" אוּנ דֶער רֶעזוּלְטַאט דֶערְפוּן — אַ יָאמֶערְלִיכֶער צוּשְׁטַאנְד פוּן מֶענְגֶען גֶעבִּילְדֶעטֶע אָהן בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג. אַ מֶענְגֶע פוּן יוּנְגֶע לַייט, וָואס צוּם גֶעוֶועהְנְלִיכֶען יוּדִישֶׁען גֶעשֶׁעפְטְס־לֶעבֶּען הָאבֶּען זַיי שׁוֹין נִיט מֶעהר גֶעטוֹיגְט, דִי עֶפֶענְטְלִיכֶע שְׁטֶעלֶען בֶּעטְרֶעטֶען אַזוֹי וִוי זַייעֶרֶע קְרִיסְטְלִיכֶע קָאלֶעגֶען הָאט מֶען זַיי נִיט גֶעלָאזֶען אוּנ וָואס צוּ טוּן אִיז נִיטָא. זַיי זֶענֶען קָאן מֶען זָאגֶען, גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען אוֹיפ׳ן מַארְק. דֶערְבַּיי הָאבֶּען זַיי אַיין

עָהרֶענְגֶעפִּיהל לוּיט פוּן הֶעבְּערֶען שְׁטַאנְד, אַ לֶעבֶּען פִּיהרֶען מוּז מֶען לוּיט וִוי פוּן הֶעבֶּעֶ־ען שְׁטַאנְד, מִיטֶעל אָבֶּער ־קיינֶע. דִי וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט אַ שְׁטִיקְל יְרוּשָׁה הָאבֶּען גֶעקָאנְט אֵיינְצִינְוַוייז אוֹיפְּעֶסֶען, אָדָער שְׁלֶעפֶּען גֶעלְט בַּיי דִי עֶלְטֶערֶען. אַנְדֶערֶע שְׁנָארֶען נָאךְ אַ יגוּטֶען שִׁדוּךְ.״ דִי דְרִיטֶע וַוארְפֶען זִיךְ צוּ אַלֶע־לַיי מִינִים גֶעשֶׁעפְטְלֶעךְ, וָועלְכֶע פַּאסֶען גָאר נִיט פַאר דֶעם סָארְט מֶענְשֶׁען, אַזוֹי אַז סֶע קוּמְט אוֹיס אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶע אוּנ טְרוֹירִיגֶע קָאמֶעדִיֶע: דִי וָועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט זַיין סוֹחֲרִים, גֶעשֶׁעפְט־מַאכֶערְס, מַאכֶען דָאךְ גֶעשֶׁעפְטֶען אַלְס ״אַקאדֶעמִיקֶער״, גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט גֶעהַייטֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען אוּנ נִיט עֶרְלוֹיבְּטֶע פְּרָאצֶעסֶען. אַ טֵייל וָוערֶען פוּן נוֹיט צַייטוּנְג־שְׁרַייבֶּער אוּנ הַאנְדְלֶען מִיט דֶער עֶפֶנְטְלִיכֶע מֵיינוּנְג, נָאךְ אַנְדֶערֶע רוּקֶען זִיךְ אַרַיין אִין פָּאלִיטִישֶׁע גֶעזֶעלְשַׁאפְטֶען, פֶּעדְלֶערֶען מִיט פוּסְטֶע שְׁלַאג־וָוערְטֶער אוּנ פְּרַאזֶען, כְּדֵי אַזוֹי אַרוּם צוּ קְרִיגֶען אַ קְוָועלֶע פוּן פַארְדִיעֶנְסְטְלֶעךְ.

לֶעוֶוענְבֶּערְג הָאט נִיט גֶעוָואלְט גֵעהְן אִין דִיעֶזֶע וֶועגֶען. ״דוּ מוּיגְסְט נִיט צוּם לֶעבֶּען״, הָאט אִיהם אֵיינְמָאל פַארְ׳ן אָבְּרֵייזֶען זַיין פְרַיינְד אָסְוַואלְד גֶעזָאגְט, ״וַוייל דוּ מָאוּסְ׳ט זִיךְ צוּפִיעל. מֶע מוּז קֶענֶען עֶפִּים אַרָאבְּשְׁלִינְגֶען, וִוי לְמָשָׁל יֶענֶער אוּנ דֶער, דֶערְפוּן וָוערְד מֶען דִיק אוּנ קְרֶעפְטִיג אוּנ מֶע קוּמְט צוּ׳ן עֶפִּים... אַז דוּ בִּיזְט אַיין אַנְשְׁטֶענְדִיגֶער מֶענְשׁ, וֶועט דִיר ־קיינֶער נִיט גְלוֹיבֶּען, וַוייל דוּ בִּיזְט אַ יוּד... אַלְזָא וָואס? דוּ וֶועסְט מִיט דַיינֶע פָּאר גְרָאשֶׁען יְרוּשָׁה פְרִיהֶער פַארְטִיג וֶוערֶען אַלְס מִיט דַיין אַדְוָואקַאטוּר־פְּרַאקְטִיקֶע. דֶעמָאלְט וֶועסְטוּ דָאךְ מוּזֶען עֶפִּים אָנְהוֹיבֶּען טוּן אַזוֹינְס, פוּן וָועלְכֶען דוּ

מאוּסְ'ט זיךְ אַצוּנְד — אָדֶער זִיךְ אוֹיפְהֶערְנֶען. אִיךְ בֶּעט דִיךְ קוֹיף דִיר אַ שְׁטְרִיק כָּל זְמַן דוּ הָאסְט נָאךְ אַ גוּלְדֶען, אוֹיף מִיר קָאנְסְטוּ נִיט רֶעכֶענֶען. עֶרְשְׁטֶענְס וֶועל אִיךְ שׁוֹין דָא נִיט זַיין, צְוַויְיטֶענְס בִּין אִיךְ דַיין פְרַיינְד״.

אָסְוַואלְד הָאט אִיהם גֶעוָואלְט מִיטְשְׁלֶעפֶּען קַיין בְּרַאזִילְיֶע. לֶעווֶענְבֶּערְג קָאן זִיךְ אָבֶּער נִיט עֶנְטְשְׁלִיסֶען, וַוייל עֶר הָאט גֶעחָלוֹמְ'ט פוּן עֶרְנֶעסְטִינֶען. אִיהם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, אַז עֶרְנֶעסְטִינֶע פִּיהלְט צוּ אִיהם דָאס זֶעלְבֶּע וָואס עֶר צוּ אִיהר. עֶר וֶועט זִיךְ אִיהר עֶנְטְדֶעקֶען. זִי וֶועט אִיהם פַארְשְׁטֶעהן אוּנ וֶועט וַוארְטֶען בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ אוֹיסְאַרְבֵּייטֶען אַ לֶעבֶּען. דֶעמָאלְט וֶועט אוֹיךְ אִיהר פָאטֶער, דֶער רַייכֶער פַאבְּרִיקַאנְט, צוּפְרִידֶען זַיין מִיטְ'ן שִׁידוּךְ מִיט אַ וואהל פְּרַאקְטִיצִירֶענְדֶען אַדְוָואקַאטֶע. נָאר סְ'אִיז אִיהם בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶען נָאךְ אִין דִיעזֶען אָבֶּענְד צוּ זֶעהן אַלֶע חֲלוֹמוֹת זַיינֶע פַארְזוּנְקֶען אִין יַם. נָאךְ דִיעזֶען אָבֶּענְד. בַּיי דֶער סְעוּדָה, וֶועלְכֶע אִיז שׁוֹין אוֹיבֶּען בֶּעשְׁרִיבֶּען, הָאט הֶער לֶעפְּלֶער. עֶרְנֶעסְטִינֶעס פָאטֶער, מוֹדִיעַ גֶעוֶועזֶען, אַז זַיין טָאכְטֶער אִיז אַ כַּלָה פַאר דֶעם יוּנְגֶען וַויינְבֶּערְגֶער, ״דֶעם מִיטְשֶׁעף דֶער פִירְמַא סַאמוּעֶל וַויינְבֶּערְגֶער עֶט זֶעהנֶע״, מִיט וֶועלְכֶען עֶרְנֶעסְטִינֶע אִיז זַייט צְוַויי וָואכֶען בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען.

סְ'אִיז נִיט נַייטִיג צוּ בֶּעשְׁרַייבֶּען פְרִיעדְרִיכְ'ס הַארְץ בַּיי דִיעזֶער גֶעשִׁיכְטֶע. דָאס אִיז דָאס שְׁוֶוערֶע הַארְץ פוּן אַלֶע אָבְּגֶענַארְטֶע, פוּן אַלֶע פַארְשְׁמִיסֶענֶע אַיידֶעל-לַייט אַקֶענֶען [דֶער גַאֲוָה פוּן דִי רַייכֶע טוֹיגֶענִיכְטְסֶען! הַכְּלַל לֶעוֶוענְבֶּערְגֶען אִיז דָאס לֶעבֶּען נִמְאָס גֶעוָוארֶען

און ער האָט זיך בּענוּצט מיט אַ מוֹדָעה פון אַ רייכען אַמעריקאַנער, וועלכער האָט געזוּכט אַ געבּילדעטען יוּנגען מאַן, וואָס דאַרף לעבען צווישען מענשען אין איהם געוואָרען איבּערדריסיג און וויל אַנטלויפען פוּן דער וועלט.

דער אַמעריקאַנער קינגסקאָרט, אַ געוועזענער דייטשער אָפיציער, וואָס איז אין אַמעריקא געוואָרען אַ מיליאָנער און איז אויך פוּן מענשען אָבּגעגעבען געוואָרען, האָט אין לעווענבּערגען געפונען גראַדע דעם חבר, וואָס ער האָט געזוּכט און האָט קורץ מיט איהם געשלאָסען בּרוּדערשאַפט אויף צוזאַמען צוּ פאַרלאָזען די „פוילע" אייראָפּעאישע געזעלשאַפט און זיך פאַרקלויבען ערגיץ העט וויַיט אויף אַ פאַרוואָרפענע אינזעל.

דער אַמעריקאַנער האָט לעווענבּערגען פאַרגעלעגט געלט אויף צוּ אָרדנען זיינע געשעפטען פאַר זיין אָבּרייזע, נאָר לעווענבּערג האָט פאַר זיך קיין געלט ניט בּעדאַרפט. ער האָט זיך אָבּער דערמאַנט אין אַ מעשה, וואָס איז איהם פאָרגעקומען צוּ זעהן, וועלכע מיר וועלען שפּעטער דערצעהלען און האָט בּיי איהם גענומען פינף טויזענד גולדען פאַר יענער אָרימער פאַמיליע.

איידער דאָקטאָר הערצל גיעהט איבּער צוּ דער בּעשרייבּוּנג פוּנ'ם „אַלטנייַלאַנד" האָט ער אונז געוואָלט פאָרשטעלען אַ בּילד פוּן די הייַנטיגע יוּדישע פאַרהעלטניסע. פוּן וועלכע סע גיעהט לאָגיש הערפאָר די נייטיגקייט פוּן אַ נייער יוּדישער געזעלשאַפט.

די מאַטעריעלע לאַגע און דעם גייסט פוּן דער יוּדישער אינ־

טָעלִינְגֶענְץ הָאבֶּען מִיר גֶעזֶעהן אִין לֶעוֶוענְבֶּערְגֶען אוּנ אִין זַיינֶע חֲבֵרִים; דֶער צוּשְׁטַאנְד פוּן דֶער יוּדִישֶׁער בּוּרְזְשׁוּאַזִיע — אִין דֶער פַאמִילִיעַ לֶעפְּלֶער אוּנ זַייעֶר אוּמְגֶעבוּנְג; דִי פֶערְהֶעלְטְנִיסֶע בַּיי דֶעם יוּדִישֶׁען פְּרָאלֶעטַאריאַט וֶועלֶען מִיר בַּאלְד זֶעהֶען אִין דֶער פַאמִילִיעַ לִיטְוַויאַק, וֶוענֶען וֶועלְכֶער דָא וֶועט בַּאלְד זַיין דִי רֶעדֶע.

III

אִין יֶענֶעם אָבֶענְד, וֶוען פְּרִידְרִיךְ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּנ'ם קַאפֶע־הויז אוּנ הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהן צוּ דִי לֶעפְּלֶערְס, הָאט עֶר בֶּעמֶערְקְט וִוי אִין דֶער טִיר בַּיים אַרוֹיסְגַאנְג אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ צֶעהן יֶעהְרִיגֶער יוּנְגֶעל. דֶער יוּנְגֶעל הָאט זִיךְ גֶעטוּלֶעט אִין זַיין דִינֶעם רֶעקְל, מִיט דִי הֶענְטְלֶעךְ זִיךְ אַלַיין אַרוּם גֶענוּמֶען, כְּדֵי זִיךְ צוּ דֶערְוַוארֶעמֶען אוּנ מִיט דִ׳י פִּיסְלֶעךְ הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעקֶערְט דָאס בִּיסְל שְׁנַיי, וָואס הָאט אַרַיין גֶעוֶוייֶעט אִין דֶעם פַארְבָּארְגֶענֶעם וִוינְקֶעל. וואוּ עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען. דָאס טֶענְצְלֶען פוּנ'ם יוּנְגֶעל הָאט כִּמְעַט אוֹיסְגֶעזֶעהֶען וִוי אוּמִיסְטֶען, פְּרִידְרִיךְ אָבֶּער הָאט בַּאלְד דֶערְזֶעהֶען, אַז סְ׳אִיז נִיט קַיין קוּנְצֶען־מַאכֶער. דָאס אָרֶעמֶע קִינְד מִיט דִי צֶערִיסֶענֶע שְׁטִיוֶועלֶעךְ הָאט גֶעבִּיךְ בִּיטֶערְלִיךְ גֶעפְרוֹירֶען. עֶר הָאט זִיךְ גֶעכַאפְּט צוּ דֶער קֶעשֶׁענֶע, בַּיים שַׁיין פוּן לַאמְטֶערֶען הָאט עֶר אוֹיסְגֶעזוּכְט עֶטְלִיכֶע קוּפֶּערְנֶע מַטְבֵּעוֹת אוּנ זַיי אַוֶועקְגֶעבֶּען דֶעם יוּנְגֶעל. דֶער קְלֵיינֶער הָאט זַיי שְׁטִיל צוּגֶענוּמֶען, מִיט אַ פִּיטֶערִיג קוֹל גֶעזָאגְט: „אַ דַאנְק!" אוּנ אִיז גִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאפֶען.

חַארַאקְטֶערִיסְטִישׁ דֶערְבַּיי אִיז דֶער שְׁמוּעֶס צְווִישֶׁען פְּרִידְרִיךְ

און הערן שיפּמאַן, אַ יודישער יונגערמאַן, דיענט אין אַ באַנק, אויך אין אײַנגעהער בײַ די לעפּלערס אין שטוב, און, ווי סע ווײַזט אויס, האָט ער אויך אַיין אויג אויף ערנעסטינען, נאָר ער וואָגט עס ניט אַרויסצוזאָגן, ווײַל ער פיהלט זיך אַ קענעז לעפּלערן ווי אַ משרת אַ קעגען אַ סוחר. — הער שיפּמאַן איז מיט פרידריכ'ן אין איינעם אַרויסגעגאַנגען פונ'ם קאפע אום צו געהן צו לעפּלער'ן אויפ'ן באַל און האָט צוגעזעהן די סצענע מיט'ן יונגל.

„וואס? איהר שטיצט דאס בעטלען אויף די גאַסען?“ זאָגט שיפּמאַן אונצופרידען.

„איך גלויב ניט, אַז דער דאָזיגער קליינער זאָל זיך צום פאַר־גניגען אַרום דרעהען אין אַזאַ קאַלטער ווינטער־נאַכט... מיר דאַכט זיך, ס'איז אַ יודישער יונגל“.

„נו, טאַ לאָז ער זיך ווענדען צו די גבאים אָדער צו דער חברה כל־ישראל־חברים, אָבער ניט קריכען אין די קאפע־הײַזער!“

„זײַט ניט אַזוי אויפגעבראַכט, הער שיפּמאַן, איהר האָט דאָך איהם גאָר ניט געגעבען“, ענטפערט איהם פרידריך מיט אַ שטאָך.

„ליבער דאָקטאָר, זאָגט שיפּמאַן מיט שטאָלץ, איך בין אײַנ־געקויפט אין דער חברה אַקעגען פאַראָרעמט ווערען און נדבות־בעטען. איך צאָהל יעהרליך אַ רײַניש“.

אין דעם דאָזיגען קורצען שמועס שפּילט זיך אָב אַ גרויסאַרטיג בילד פון אונזערע כלומר'שט וועלטליכע יודישע יונגע לײַט. די אַלע מינים שיפּמאַנ'ס זענען זיך גאַנץ צופרידען מיט זיך אַליין,

אַבִּי זיי זָענָען אַיינְגֶעקוֹיפְט אִין אַ צְדָקָה־חֶבְרָה, צָאהלֶען זַייעֶר רַיינִ׳ש, אָדֶער זַייעֶר רוּבְּל אַ יָאהר. טִיעפֶער אִינְ׳ם יוּדִישֶׁעז אוּמְגְלִיק אַרַיינְצוּ-קוּקֶען זָענָען זַיי נִיט אִימְשְׁטַאנְד.

## IV

נָאכְדֶעם ווִי פְרִידְרִיךְ אִיז דֶערְשְׁלָאגֶען אַרוֹיס פוּן לֶעפְלֶערְס שְׁטוּב, וואוּ עֶר אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז זַיין עֶרְנֶעסְטִינֶע אִיז אַזוֹי לַייכְטְזִינִיג אַ כַּלָה גֶעוָוארֶען פַאר דֶעם מִיטְשֶׁעף דֶער פִירְמַא ווַיינְבֶּער-גֶער עֶם זֶעהנֶע, וָועלכֶען זִי הָאט זַייט צְווַיי וָואכֶען דֶערְקֶענְט, אִיז אִיהם אוֹיפְ׳ן הַארְצֶען נַאטִירְלִיךְ גֶעוָוען אַזוֹי שְׁוָוער, אִין מוֹחַ הָאט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעדְרִיקְט, אַז עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט גְלַייךְ גֶעהן אַ הֵיים שְׁלָאפֶען. עֶר הָאט דֶערִיבֶּער בֶּעשְׁלָאסֶען צוּרִיק צוּ גֶעהן אִין קַאפֶע, אוּם דָארְט בַּיי זַיין קְלֵיינֶעם קַיילֶעכִיגֶען טִישְׁל נָאךְ אַבִּיסְל צוּ פַארְ-בְּרֶענְגֶען אוּנ זִיךְ בֶּערוּהִיגֶען.

בַּיי דֶער טִיר פוּנְ׳ם קַאפֶע־הוֹיז הָאט עֶר זִיךְ פַּארְטְשֶׁעפֶּעט אִין אַ קְלֵיינֶעם נֶפֶשְׁ׳ל אוּנ אִיז כִּמְעַט אִיבֶּער אִיהם אַרִיבֶּערְגֶעפַאלֶען; אִין הַייזְל פוּנְ׳ם קַאפֶע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען דָאס זֶעלְבֶּע אָרִימֶע יוּנְגְל, וָואס עֶר הָאט אִיהם עֶרְשְׁט פַאר אַ פָּאר שָׁעָה גֶעשֶׁענְקְט אַ נְדָבָה.

פְרִידְרִיךְ הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהם צֶעשְׁרִיגֶען: „וָואס? דוּ בֶּעטָעלְסְט שׁוֹין דָא ווִידָער?"

דָאס יוּנְגְל עֶנְפֶערְט מִיט אַ צִיטֶערִיגֶען קוֹל: „אִיךְ וַוארְט אוֹיף מַיין טַאטֶען". דֶערְבַּיי חַאפְּט זִיךְ דֶער יוּנְגְל אוֹיף, נִיט ווִידֶער אַ

טֶענְצֶל און קְלַאפְּט זִיךְ מִיט דִי הֶענְטְלֶעךְ אַרום זִיךְ, כְּדֵי זִיךְ צוּ דֶערְ־וַוארֶעמֶען. פְרִידְרִיךְ אִיז אַלֵיין גֶעוֶוען אַזוֹי טִיעף אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אַז עֶר הָאט קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט גֶעקָאנְט פִיהלֶען אוֹיף דֶעם פַארְפְרוֹירֶענֶעם קִינְד.

עֶר אִיז אַרַיין אִין זַאל און הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף זַיין גֶעוֶועהנְ־לִיכֶען פְּלַאץ בַּיים לֶעזֶע־טִישׁ. דָאס הוֹיז אִיז אִין דֶער צַייט גֶעוֶוען כִּמְעַט לֵיידִיג. נָאר אִין דִי וִוינְקְלֶען זֶענֶען נָאךְ גֶעזֶעסֶען פַארְשְׁפֶּעטִיגְטֶע שְׁפִּילֶער, וָואס עֶס הָאט זֵיי אַ פָּנִים בַּאנְג גֶעטָאן זִיךְ שׁוֹין צֶעשֵׁיידֶען.

## V

לֶעזֶענְדִיג דִי צַייטוּנְג, הָאט זִיךְ אִיהם אַ וָוארְף גֶעטָאן אִין דִי אוֹיגֶען דִי מוֹדָעָה, אוֹיף וֶועלְכֶע שִׁיפְּמַאן הָאט אִיהם שׁוֹין פְרִיהֶער אָנְגֶעטַייט. אִין דֶער מוֹדָעָה אִיז גֶעשְׁטַאנֶען:

„עֶס וֶוערְד גֶעזוּכְט אַ גֶעבִּילְדֶעטֶער און פַארְצְוֵוייפֶעלְטֶער יוּנְגֶער מַאן, וֶועלְכֶער וִויל מִיט זַיין לֶעבֶּען נָאךְ אַ לֶעצְטֶע פְּרָאבֶּע מַאכֶען. וֶוער עֶס וִויל, זָאל זִיךְ מֶעלְדֶען אוּנְטֶער דֶער סִיגְנֶע נ. אָ. בָּאדִי בַּיי דֶער עֶקְסְפֶּעדִיצִיֶע פוּנְ׳ם בְּלַאט“.

אַצִינְד פַּאסְט עֶס גְרַאדֶע פַאר אִיהם. אֵיידֶער עֶר וֶועט, וִוי זַיין פְרַיינְד הַיינְרִיךְ, אִין גַאנְצֶען מִיטְ׳ן לֶעבֶּען אָבְּשְׁנַיידֶען מֶעג עֶר דָאךְ עֶפִּיס פְּרוּבִּירֶען!

נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט הַייסְט עֶר זִיךְ בְּרֶענְגֶען אַ קַארְטְל און שְׁרַייבְּט דֶערוֹיף דִי אַדְרֶעסֶע פוּן נ. אָ. בָּאדִי און דֶערִינֶען פָאלְגֶענְדֶע וֶוערְטֶער:

IX „איך בּין אַייער מענש. דאָקטאָר פרידריך לעווענבּערג באהנשטראַסע 67".

אין דער צייט ווען ער האָט דאָס קאַרטל פאַרטיג געמאַכט, איז עמיצער אונטער געקומען פון דער זייט געבּען איהם און רוימט איהם אַיין:

„צאהנבּערשטעלעך, שלייקעס, זאָפּינקיס, זייט־זשע מוחל, אפּשר דאַרפט איהר?"

פרידריך, וואָס אויפ׳ן האַרצען איז איהם געווען מסתמא גענוג אַנגעזאָלעט, צעבייזערט זיך אויפ׳ן אָרימען פעדלער און שטיפּט איהם אָב פון זיך. דער אָרימער פעדלער רוקט זיך אָב מיט אַ זיפץ און מיט מורא וואַרפט ער אויגען אויפ׳ן קעלנער, וועלכער וועט איהם נאָך אפּשר אין גאַנצען וועלען אַרויסשטיפּען. דאָ האָט שוין פרידריכ׳ן אָנגענומען בּיים האַרצען. ער האָט שוין חרטה געקריגען, וואָס ער האָט דעם אָרימען מענשען אַזוי מבייש געווען. ער רופט איהם צוריק און וואַרפט איהם אַריין אַ צוואַנציגער אין קעסטעל. דער פעדלער אָבּער טראָגט איהם אונטער דאָס קאַרבל.

„איך בּין ניט קיין בּעטלער... איהר מוזט עפּיס קויפען, אַלאַ ניט קאָן איך דאָס געלד ניט נעמען".

כּדי פון איהם פּטור צו ווערען נעמט פרידריך בּיי איהם אַ זאָפּינקעלע. דאָ ערשט בּעדאַנקט איהם דער פעדלער און געהט אַוועק. פרידריך קוקט איהם נאָך און [illegible] ווי ער טראָגט צו די מטבע צום

קעלנער אונ קרינט פאר איהר אַ שטיק אַלטגעבאַקען ברויט, װעלכעס דער אָרימאַן שטעקט מיט היטפּעט אַריין אין ראָק־קעשענע.

VI.

פרידריך הייבט זיך אויף אַרויסצוגעהן אונ בײ דער טיר טרעפט ער װידער דעם געפּרוּװרענעם יונגל שטעהן. דאס מאל שטעהט ער מיט׳ן פּעדלער אינאיינעם אונ יענער גיט איהם איבער דאס האַרטע ברויט. דאס איז אַלזאָ דער פּאַטער פונ׳ם יונגעל געװען.

„װאָס טוט איהר דאָ?“ פרעגט זיי פרידריך.

„איך גיב איהם אָב דאס מאַכעכץ, גנעדיגער הער“, ענטפערט דער פּעדלער, — „ער זאָל זיי אַ היים טראָגען צו מיין װײב. דאס איז מיין ערשטע לייזונג היינטיגען טאג“.

„איז עס אמת?“ פאַרזיכ׳ט איהם פרידריך אוים.

„הלװאי װאלט עס אזוי געװען ניט אמת װי סע איז אמת“, ענטפערט דער יוד מיט אַ קרעכץ. „אומעטום שטופען זיי מיך אַרוים װען איך װיל האַנדלען. אַז מע איז אַ יוד זאָל מען זיך בעסער גלייך אין דאנוי אַריין װאַרפען“.

פרידריך׳ן האט פּלוצים אָנגעכאַפּט אַ רצון דעם מענשען אַ טובה צו טון. ער האט זיין קאַרטל אַריינגעװאָרפען אין דעם ערשטען פּאָסט־קעסטל אונ האט זיך געלאָזט געהן מיט די ביידע קבצנים װייטער. דער פּעדלער האט איהם דערװייל אויסדערצייהלט זיין גאַנצע ביאָגראַפיע.

פוּן גַאלִיצִיֶע שְׁטַאמְט עֶר אַרוֹים. אִין קְרָאקָא הָאט עֶר גֶעוואהְנְט אִין אֵיין צִימֶער מִיט נָאךְ דְרַיי פַאמִילִיֶעס. גֶעלֶעבְּט הָאט עֶר פוּן דֶער לוּפְט. הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרַאכְט, שְׁלֶעכְטֶער קָאן דָאךְ שׁוֹין נִיט זַיין אוּנ אִיז מִיט וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער אַרוֹים קַיין וִויען. דָא אִיז וִוירְקְלִיךְ נִיט עֶרְגֶער, אָבֶּער אוֹיךְ נִיט בֶּעסֶער.

„וִויפִיעל קִינְדֶער הָאט אִיהר ?" פְרֶעגְט פְרִידְרִיךְ.

דֶער אָרִימֶער יוּד הֵייבְּט אָן זִיךְ שְׁטִיקֶען פוּן טְרֶערֶען: „פִינְף הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט, דְרַיי הָאבּ אִיךְ שׁוֹין דָא אִין וִויֶען בַּאגְרָאבֶּען. אִיצְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ דֶעם יוּנְגְל, וָואס אִיהר זָעהט אוּנ אַ קְלֵיין מֵיידֶעלֶע בַּיי דֶער בְּרוּסְט... דָוִד, לוֹיף נִיט אַזוֹי גִיךְ".

דָאס יוּנְגְל קוּקְט זִיךְ אוּם אוּנ עֶנְטְפֶערְט: „דִי מַאמֶע אִיז גֶע-וָוען אַזוֹי הוּנְגֶערִיג בְּעֵת אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעבְּרַאכְט דִי דְרַיי גְרַייצֶער פוּן דִיעזֶען הֶערְן".

„אַזוֹי ? דָאס זָענְט אִיהר עָס גֶעוֶוען דֶער גוּטֶער הֶער ?" שְׁרַייט אוֹיס דֶער אָרִימֶער יוּד אוּנ זוּכְט פְרִידְרִיכְ'ס הַאנְט אוּם זִי צוּ קִישֶׁען.

פְרִידְרִיךְ נַאטִירְלִיךְ לָאזְט אִיהם נִיט אוּנ עֶר פְרֶעגְט זִיךְ צוּם יוּנְגְל וָוענְדֶענְדִיג: „זָאג נָאר, קְלֵיינֶער וָואס הָאט דַיין מַאמֶע גֶע-מַאכְט מִיט דִי פָאר גְרָאשֶׁען ?"

„מִילְךְ הָאט זִי גֶעקוֹיפְט פַאר מִרְיָמְ'ן", אִיז גֶעוֶוען דָוִד'ס תְּשׁוּבָה.

„מִרְיָם אִיז אוּנְזֶער צְוַוייטֶעס קִינְד" בֶּעמֶערְקְט דֶער פֶעדְלֶער.

„אוּנ דִי מַאמֶע אִיז וַוייטֶער גֶעבְּלִיבֶּען הוּנְגֶערִיג ?" דֶערְפְרָעגְט זִיךְ וַוייטֶער פְרִידְרִיךְ.

„יָא, הָער!"

פְרִידְרִיךְ הָאט נָאךְ בַּיי זִיךְ גֶעהַאט עֶטְלִיכֶע רַיינִיש. פַאר אִיהם אִיז שׁוין גֶעוֶוען גְלַייכְגִילְטִיג, צִי עֶר הָאט גֶעלְד, צִי נִיט, עֶר הָאט זִיךְ מִיט׳ן לֶעבֶּען שׁוין אָבְּגֶעזֶעגֶענְט. פַאר דִיזֶע אָרֶעמֶע לַייט אָבֶּער קָאן דָאס גֶעלְד בֶּעטְרֶעפֶען אַ גַאנְצֶען אוֹצָר. עֶר הָאט בַּיי זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען זַיי עֶס אָבְּצוּגֶעבֶּען, נָאר פְרִיהֶער הָאט עֶר גֶעוָואלְט זִיךְ אִיבֶּערְצֵייגֶען, צִי הָאט עֶר נִיט צוּ טוּן מִיט שְׁווינְדְלֶערְס, אוּנ עֶר אִיז מִיט זַיי מִיטְ־גֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶר הַיים.

גֶעהֶענְדִיג אַזוֹי אוֹיפ׳ן וֶועג פְרֶעגְט דָוִד בַּיים פָאטֶער: „אִיךְ מֶעג עֶסֶען אַ שְׁטִיקְל בְּרוֹיט?"

„עֶס, מַיין קִינְד! אִיךְ וֶועל אוֹיךְ עֶסֶען אַ שְׁטִיקְל. פַאר דָער מַאמֶען וֶועט נָאךְ בְּלַייבֶּען גֶענוּג".

דָער טַאטֶע מִיט׳ זוּהן הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען חְרוּשְׁטְשֶׁען דָאס הַארְטֶע בְּרוֹיט.

## VII

פַאר אַ הוֹיךְ נַיי אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶטֶעם הוֹיז זֶענֶען זַיי גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן. דֶער פֶעדְלֶער הָאט אַ צִיה גֶעטָאן דֶעם גְלָאק. קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט אָנְגֶערוּפֶען. אָבְּגֶעוַוארְט אַבִּיסְל, הָאט עֶר וִוידָער אָנְגֶעקְלוּנְגֶען אוּנ דֶערְבַּיי גֶעזָאגְט:

„דֶער סְטְרוּזְשׁ וַוייסְט שׁוין וֶוער דָא אִיז. עֶר הָאט זִיךְ צֵייט. אָפְט שְׁטֶעה אִיךְ דָא אָבּ גַאנְצֶע שָׁעָה׳ן, עֶר אִיז אַ גְרָאבֶּער מֶענְשׁ.

אָפְּטְמָאל צִיטֶער אִיךְ נָאר אַ הַיים צוּ גֵעהן, אַז אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין פִּינְף גְרַייצֶער אִיהם צוּ גֶעבֶּען אִין דֶער יַד אַרַיין״.

„וָואס זְשֶׁע טוּט אִיהר דַאמָאלְס ?״ פְּרֶעגְט פְרִידְרִיךְ.

„דַאמַאלְס גֵעה אִיךְ אַרוּם בִּיז אִין דֶער פְרִיה, בִּיז מֶע עָפֶענְט דֶעם טוֹיעֶר״.

פְרִידְרִיךְ הָאט שׁוֹין אַלֵיין אָנְגֶענוּמֶען דֶעם גְלָאק אוּנ אַ פָּאר מָאל אָנְגֶעקְלוּנְגֶען מִיט הִימְפֶּעט. אִינְטֶער דֶער טִיר הָאט זִיךְ אָנְגֶע־הוֹיבֶּען הֶערֶען טְרִיט. דֶער סְטְרוּזְשׁ הָאט גֶעעֶפֶענְט דֶעם טוֹיעֶר מִיט אַ לַאמְטֶערֶען אִין הַאנְט אוּנ הָאט מִיט בְּרוֹגֶז גֶעפְרֶעגְט:

„וֶוער רַייסְט עֶס אַזוֹי דֶעם גְלָאק ? וָואס ? דִי זְשִׁידֶעס ?״

דֶער פֶּעדְלֶער פַארְעֶנְפֶערְט זִיךְ מִיט פַּחַד:

„נִיט אִיךְ — דֶער הֶער דָא!״

דֶער סְטְרוּזְשׁ זִידֶעלְט זִיךְ: „אַזַא עַזוּת!...״

„שְׁטִיל זָאל וֶוערֶען, שַׁייגֶעץ!״ פַאלְט אוֹיף אִיהם אָן פְרִידְרִיךְ אוּנ גִיט אִיהם דֶערְבַּיי אַ שְׁמִיץ פַאר דִי פִּים אַ זִילְבֶּערְנֶע מַטְבֵּעַ. דֶער קְלַאנְג פוּן דֶער מַטְבֵּעַ הָאט דֶעם סְטְרוּזְשׁ פַארְכִּשׁוּפְ׳ט. עֶר אִיז גֶע־וָוארֶען שְׁטִיל אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ פַארְעֶנְפֶערֶען מִיט הַכְנָעָה:

„נִיט אַייךְ הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט, גְנֶעדִיגֶער הֶער, דִי יוּדֶען הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט!״

נוּ, נוּ, שְׁטִיל זָאלְסְטוּ נָאר זַיין אוּנ דִי טְרֶעפּ בֶּעלַייכְט מִיר מִיט דַיין לַאמְטֶערְן.

דֶער סְטְרוּזְשׁ חַאפְּט אַ קוּק אוֹיף דֶער מַטְבֵּעַ. סְ׳אִיז אַ גַאנְצֶע

קְרָאנֶע. סָע מוּז זַיין אַ לַייטִישֶׁער מֶענְשׁ, טְרַאכְט עֶר זִיךְ, אוּנ לַייכְט זַיי אוּנְטָער בַּיים אַרוֹיפְגֵעהן אוֹיף דִי טְרֶעפּ.

זַיי זֶענֶען אַרוֹיפְגָעגַאנְגֶען בִּיז׳ן פִינְפְטֶען שְׁטָאק. אַ שְׁרֶעקְלִיךְ בִּילְד פוּן אָרֶעמְקַייט הָאט זִיךְ פַאר פְרִידְרִיכְ׳ן גֶעעֶפֶענְט בַּיי דִי לִיטְוַואקְס אִין דָער וואהנוּנְג (לִיטְוַואק אִיז גֶעוֶוען דָער פַאמִילְיֶען־נָאמֶען פוּן דָעם אָרֶעמֶען פֶעדְלֶער).

טוּנְקֶעל, קוים אַ שַׁיין צוּ זֶעהן, אָהן אַ שְׁטִיקְל מֶעבֶּעל, נִיט קֵיין בֶּענְקְל, נִיט קֵיין טִישׁ, נִיט קֵיין שַׁאפֶע, נָאר אַ הוֹיפֶען שְׁטְרוֹי אוֹיפְ׳ן פָאל אוּנ אוֹיף דִי פֶענְסְטֶער עֶטְלִיכֶע פְלֶעשְׁלֶעךְ מִיט אַפָאר צֶעבְּרָאכֶענֶע טֶעפּ, — מִיט אַיין וָוארְט: גִיכֶער אַ שְׁטַאל אַלְס אַ מֶענְשֶׁען־וואהנוּנְג.

אוֹיף דֶעם שְׁטְרוֹי לִיגְט פַארְשְׁמַאכְט דִי קְרַאנְקֶע פְרוֹי לִיטְוַואק אוּנ בַּיי דֶער זַייט הַאלְט זִי דָאס קְלֵיינֶע זוֹיג־קִינְד. בַּיים אָנְבְּלִיק פוּנ׳ם פְרֶעמְדֶען בְּלַייבְּט זִי אַ וַויילֶע זֶעהר דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ פְרֶעגְט מִיט אַנְגְסְט: „וֶוער אִיז עֶס, חַיִים?״ דֶער מַאן בֶּערוּהִיגְט זִי, אַז עֶס אִיז אַ גוּטֶער דֶער.

„דָא וואהנֶען מִיר״, זָאגְט חַיִים לִיטְוַואק צוּ פְרִידְרִיכְ׳ן מִיט אַ בִּיטֶערֶען שְׁמֵייכֶעל, „נָאר אִיךְ וֵויים נָאךְ נִיט אוֹיבּ מִיר וֶועלֶען דָאס אוֹיךְ אִיבֶּערְמָארְגֶען הָאבֶּען, דֶען מֶע הָאט מִיר שׁוֹין אַ הַתְרָאָה גֶעגֶעבֶּען״

אוּנ חַיִים עֶרְקְלֶערְט אוֹיף פְרִידְרִיכְ׳ם פְרַאגֶע, אַז עֶר דַארְף הָאבֶּען 3 רַייכִישׁ אוּם צוּ בְּלַייבֶּען זִיצֶען אִין דֶער דִירָה, נָאר אַזַא אוֹצָר זֶעהט עֶר נָאר נִיט אַיין, עֶר זָאל קָאנֶען בֶּעקוּמֶען.

פְרִידְרִיךְ הָאט דֶערְלַאנְגְט פוּן דֶער קֶעשֶׁענֶע זַיינֶע לֶעצְטֶע אַכְט רַיינִישׁ אוּנ זַיי אָבְּגֶעגֶעבֶּען דֶעם פֶּעדְלֶער.

סְ'אִיז לַייכְט זִיךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען דִי שִׂמְחָה פוּן דֶער פַאמִילִיעָ דֶערְזֶעהֶענְדִיג אַזַא יְשׁוּעָה. פְרִיהֶער הָאבֶּען זַיי זִיךְ קוֹים גֶעגְלוֹיבְּט, נָאכְדֶעם גֶעהט אַ סֶדְרָה פוּן פַאלֶען צוּ דִי פִּיס, קִישֶׁען דִי הֶענְט אוּנ דֶעסְגְלַייכֶען, פוּן וֶועלְכֶען נַאטִירְלִיךְ פְרִידְרִיךְ וָועהרְט זִיךְ עֶנֶערְגִישׁ אָב.

## VIII

פְרִידְרִיךְ גֶעזֶעגֶענְט זִיךְ עֶנְדְלִיךְ. דֶער קְלֵיינֶער דָוִד בֶּעגְלֵייט אִיהם מִיט אַ לִיכְט פוּן דִי טְרֶעפּ אַרָאבּ. אִין מִיטֶען נָאנְג שְׁטֶעלְט זִיךְ דָאס יוּנְגֶל אָבּ אוּנ זָאגְט: „גָאט וֶועט פוּן מִיר מַאכֶען אַ שְׁטַארְקֶען מֶענְשֶׁען, דֶעמָאלְט וֶועל אִיךְ אַייךְ בֶּעצָאהלֶען".

פוּן דֶעם טָאן אוּנ דִי וֶוערְטֶער אִיז פְרִידְרִיךְ אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶע-וָוארֶען. עֶס אִיז עֶפִּיס אוֹיסְגֶעקוּטֶען שְׁטָאלְץ, עֶנֶערְגִישׁ אוּנ מִיט זֶעלְבְּסְט-בֶּעוואוּסְט זַיין, וִוי אַ גְרוֹיסֶער.

„וִויפִיעל בִּיסְטוּ אַלְט?" פְרֶעגְט עֶר בַּיי אִיהם.

„דַאכְט זִיךְ צֶעהן יָאהר".

„וָואס ווִילְסְטוּ וֶוערֶען?"

„לֶערְנֶען ווִיל אִיךְ, פִיעל לֶערְנֶען!"

פְרִידְרִיךְ גִיט נִיט ווִילֶענְדִיג אַ זִיפְץ: „אוּנ דוּ מַיינְסְט אַז דָאס אִיז שׁוֹין גֶענוּג?"

„יָא!" עֶנְפֶערְט אִיהם דָוִד, „אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, אַז מֶע אִיז

גְעלָערְנְט. אִיז מֶען שְׁטַארְק אוּנ פְרַיי. גָאט וֶועט מִיר הֶעלְפֶען, אִיךְ וֶועל קָאנֶען לֶערְנֶען, דֶעמָאלְט וֶועל אִיךְ מִיט מַיינֶע עֶלְטֶערְן אוּנ מִיט מִרְיָם'ן גֵעהן קַיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל".

„קַיין פַּאלֶעסְטִינַא ?" פְרֶעגְט פְרִידְרִיךְ עֶרְשְׁטוֹינְט, „וָואס וֶועסְטוּ דָארְט טוּן ?"

„דָאס אִיז אוּנְזֶער לַאנְד, דָארְט קָאנֶען מִיר גְלִיקְלִיךְ וֶוערֶען".

דָאס אָרִימֶע יוּדִישֶׁע יוּנְגְל הָאט אִין צְוַויי וָוערְטֶער עֶרְקְלָערְט זַיין צוּקוּנְפְט אוּנ אַזוֹי פְּרָאסְט, אַז מֶע הָאט דֶערְפוּן גָאר נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ לַאכֶען. פְרִידְרִיךְ הָאט נִיט ווִילֶענְדִיג זִיךְ דֶערְמָאנְט אִין דִי גֶעשְׁפֶּעטֶערַייעֶן בַּיי דִי לֶעפְלֶערְס, וֶועלְכֶע עֶר הָאט עֶרְשְׁט פַאר עֶטְלִיכֶע שָׁעָה גֶעהֶערְט. דָאס יוּנְגְל הָאט דֶערְוַוייל וַוייטֶער גֶעזָאגְט: „אוּנ אַז אִיךְ וֶועל דֶעמָאלְט עֶפִּים הָאבֶּען וֶועל אִיךְ אַייךְ בֶּעצָאהלֶען".

„אִיךְ הָאבּ דָאךְ נִיט דִיר גֶעגֶעבֶּען", זָאגְט פְרִידְרִיךְ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל.

„וָואס מֶע גִיט מַיין טַאטֶען אִיז גְלַייךְ וִוי מִיר", עֶנְטְפֶערְט דָוִד „אִיךְ וֶועל עֶס בֶּעצָאהלֶען מִיט פְּרָאצֶענְט — גוּטֶס אוּנ שְׁלֶעכְטֶס". דָוִד הָאט דִי לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער כִּמְעַט אוֹיסגֶעשְׁרִיגֶען אוּנ דֶערְבַּיי דָאס קְלַיינֶע הֶענְטְל פַארְקְלֶעמֶערְט אִין אַ קוּלַאק אוּנ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַקֶעגֶען דֶעם סְטְרוּזְשׁ.

פְרִידְרִיךְ לֵעגְט זַיין הַאנְט אוֹיף דֶעם יוּנְגֶעלְס קֶעפְּל אוּנ בֶּענְשְׁט אִיהם מִיט הַארְץ: „דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת זָאל דִיר בַּיישְׁטֵעהן !"

און פְרִידְרִיךְ אִיז אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען פַארְוואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זַיינֶע לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער. „דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת“ — ווִי לַאנְג הָאט עֶר שׁוֹין אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער נִיט אַרוֹיסְגֶערֶעדְט און אַפִּילוּ נִיט גֶע־טְרַאכְט! נָאר אַזַא בַּאגֶעגֶענִיש הָאט אִין אִיהם גֶעקָאנְט אַרוֹיסְרוּפֶען זִכְרוֹנוֹת פוּן לַאנְג פַארְגַאנְגֶענֶע צַייטֶען, זִכְרוֹנוֹת פוּן זַיינֶע קִינְדֶער־יָאהְרֶען.

## IX

פוּן דֶעם בִּיז אַהֶער עֶרְקְלֶערְטֶען, זֶעהט מֶען, אַז דֶער מְחַבֵּר הָאט אוּמִיסְטֶען אוּנְז אָבְּגֶעמָאלְט אֵיינִיגֶע בִּילְדֶער פוּנ'ם הַיינְטִיגֶען יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען, וואוּ פוּן אֵיין זַייט, אִינ'ם הֲמוֹן־עָם, הֶערְשְׁט שְׁרֶעקְלִיכֶע נוֹיט און דַחֲקוּת, פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט, אִין דִי הֶעכֶערֶע קְלַאסֶען, אִין דֶער רַייכֶער און אִינְטֶעלִיגֶענְטֶער,—נִידְרִיגֶע גְלַייכְגִילְטִיגְקֵייט צוּ אַלֶעם יוּדִישֶׁען, נִמְאָס'ע קְנֶעכְטְשַׁאפְט און בִּיטֶערֶע פֶערְצְוַוייפְלוּנְג. דֶערְמִיט ווִיל דֶער מְחַבֵּר אוּנְז זָאגֶען: זֶעהט, וואָס פַאר אַ פָּנִים סֶע הָאט דִי יוּדִישֶׁע גֶעזֶעלְשַׁאפְט, און פַארְשְׁטֵעהט, אַז מֶע מוּז זוּכֶען אַ וֶועג ווִי אַרוֹם פוּן דֶער לַאגֶע זִיךְ אַרוֹיסְצוּרַאטֶעוֶוען.

מֶע קָאן נִיט זָאגֶען, אַז דִי בִּילְדֶער זֶענֶען גֶענוּג קוּנְסְטְלִיךְ אָבְּ־גֶעמָאלְט, אַדְרַבָּא דִי פַארְבֶּען קוּמֶען אוֹיס אַבִּיסְל בְּלַאסְלִיךְ און דֶער וואָס שְׁטוּיסְט זִיךְ נִיט אָן, וואָס דֶער מְחַבֵּר ווִיל דֶערְמִיט זָאגֶען, דָאס הֵייסְט וֶוער סֶע אִיז אַלֵיין ־קֵיין צִיוֹנִיסְט נִיט, דֶער וֶועט קוֹים דָאס אַרוֹיסְלֵייעֶנֶען פוּן דִי פָּארְגֶעשְׁטֶעלְטֶע סְצֶענֶען. סֶע קָאן זַיין, אַז דְרִינֶען אִיז שׁוּלְדִיג דָאס וואָס הֶערְצְל אַלֵיין אִיז שׁוֹין צוּפִיעל צִיוֹנִיסְט, אִיךְ

מיין: וואס בּיי איהם זענען אויך שוין דיזע אַלע זאַכען אַ לאַנג גע־
לעזטע שאלה אונ ער מיינט דעריבּער, אַז סע איז גענוג נאָר אַ קליי־
נער רמז, אום בּיים לעזער אַרויסצורופען די זעלבּע פאָרשטעלונגען ווי
בּיים מחבּר.

דאַגעגען אָבּער פיהלט זיך איין אַנדער חסרון, וואס שטאַמט
שוין געווים פון הערצל׳ס ניט־בּעקאַנטשאַפט מיט דער יודישער
נשמה. אין דער בּעגרינדונג פון זיין ציוניזם פעהלט דאס בּילד פון
איין אונזעריגען יודען, בּיי וועלכען עס פאַרקלעמט דאס הארץ,
ציפּט בּיי דער נשמה, ווען ער זעהט, אַז דאס טייערסטע פון יודישע
מדות, פון יודיש געפיהל, געהט טאָג־טעגליך לאבּוד, אַז יודישע
קינדער ווערען טאָג־טעגליך אָבּגעריסען פון דער יודישער אומה, אַז
אינ׳ם יודענטום בּילדעט זיך אַ תהום צווישען פאַרשידענע קלאַסען,
וואס ווערד פון טאָג צו טאָג טיעפער אונ שרעקליכער, אַזוי אַז אַמ
בּאַלד וועלען מיר אויפהערען קענען פאַרשטעהן איינער דעם אַנדערען.
ווען הערצל זאָל געוועזען אין זיינע בּילדער נאָך אַריין פיהרען אַמ דעם
יודישען טיפּ, וועלכער איז צום גליק נאָך אַ גאַנץ אָפטער צווישען
יודען, וועלכער קוקט אויף דעם געשיכטען־גאַנג פון אונזער פאָלק,
מיט אַזאַ פאַרצוקט געמיט, אַזוי ווי אַ קאַפּיטאַן בּעת ער זעהט
זיין שיף זינקען אין די טיעפע אָבּגרונדען פונ׳ם ים — דאַמאָלס ערשט
וואלט דאס בּילד פון היינטיגער יודישער לאַגע געוועזען בּשלימות,
אונ מיר וואלטען קלאָר פאַרשטאַנען פון וואַנען סע האָט זיך
גענומען די ציוניסטישע בּעוועגונג!

הערצל האט אבער א פנים די שאלה גאר ניט אין זינען גע־האט צו פארענטפערן. ער האט געוואלט דער עיקר׳שט צושרייבען זיין געשיכטע ביז דעם פונקט, ווי אזוי וועט אויסזעהען די יודישע מדינה אונ מיט וואסערע מיטעל קאן מען זי גרינדען.

צוליב דעם צוועק ברענגט ער זיין פרידריכ׳ן מיט דעם אמעריקאנער פריהער קיין ארץ־ישראל אצינד בעת אלעס איז חרוב ונחרב, אונ נאכדעם אין צוואנציג יאהר ארום, בעת ארץ־ישראל שטעלט פון זיך פאר איין אויפגעבליהט לאנד, בעזעצט פון די יודישע עמיגראנטען, גאר לאמיר איך דערצעהלען די מעשה כסדר.

## X.

איהר געדענקט דאך מסתמא דאס קארטל, וואס פרידריך האט געשריבען צו יענעם נ. א. באדי לויט דער מודעה פון די צייטונגען? קורץ דערויף בעקומט פרידריך א תשובה, אין וועלכער מע לאדט איהם איין צו קומען אין א גרויסען האטעל אין א געוויסער צייט. קומענדיג אהין צו דער צייט האט ער געטראפען איין אלטען אמעריקאנער פון א יאהר פינפציג. נאך א קורצען שמועס ערקלערט איהם דער אמעריקאנער, אז ער איז אייגענטליך א דייטשער עדעלמאן, אין דער יוגענד געווען איין אפיציער, גאר ניט קענענדיג אויף זיך פארטראגען די איבערהערשאפט פון וועמען סע ניט איז, האט ער זיין שטעלע אוועקגעווארפען אונ זיך איבערגעשיפט קיין אמעריקא. דארט האט ער איבערגעמאכט זיין דייטשען נאמען קעניגסהאף אויף קינגסקארט אונ איז געווארען א מיליאנער.

דערבײ ערקלערט דער אַלטער פּרידריכ'ן, אַז „ענערגיע איז אַלעס. וואס מע וויל שטאַרק, דאס דערלאַנגט מען אָהן שום ספק. ערשט אין אַמעריקא האט ער אַרויסגעזעהען, וואס פאר פוילע שמאַ־טעס מיר אייראפּעער זענען".

בעקומענדיג די מיליאָנען, האט ער אָנגעהויבען פיהלען, אַז ער איז עלענד ווי אַ שטיין, אונ האט זיך ענטשלאָסען מאַכען אַ לעבען. ער האט געגלויבט, אַז ער טוט די גרעסטע חכמה בעת ער האט חתונה געהאט מיט איין אָרים מיידל, די טאָכטער פון זיינעם איין אַנגעשטעלטען. נאר די צייט האט איהם באַוויזען, אַז קיין חכמים איז נים פאַרהאַנען. אין אָנהויב האט דאס יונגע ווייבל איהם פאַרגעטערט אונ געטרײַ געווען פאר זיין גוט הארץ אונ פאַר דעם גליק, וואס ער האט איהר געשענקט. ביסלעכווייז אָבער איז זי צו איהר גליקליכער לאַגע צוגעוואוהנט געוואָרען אונ די יונגע יאָהרען האָבען אָנגעהויבען מאָהנען זייערס. אַ יונגער מאַן האט זיך מסתמא אויך באַלד געפונען אונ אין אַ שיינעם פריהמאָרגען איז דער דייטשער עדעלמאַן געוואָהר געוואָרען, אַז סע שטעקען ביי איהם אַ פּאָר אומגעלומפּערטע הערנער...

פון אַזאַ מיאוס'ער מעשה שטאַרק אויפגערייצט, האט נאַטירליך דאס ערשטע אָפּיציער־געפיהל אויסגעשטרעקט די האַנט צום רעוואָל־ווער. דאס צווייטע אָבער, אַמעריקאַנישע, האט איין אַנדער געדאַנק אַרויסגערופען: לאָזעי די פאַרברעכערין איהר וועג לויפען אונ אַליין אַוועקוואַרפען די פאַלשע מענשליכע געזעלשאַפט, אַלעס איז ליגען, קיין וואהר וואָרט נים פאַרהאַנען. אַזוי איז קינינגסקאַרט

גֶעוָוארֶען אַ מֶענְשֶׁען־פַיינְד אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ פַארְקְלַייבֶּען זִיךְ אוֹיף אַיין אִינְזֶעל הֶעט וַייט, אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן אַלֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען.

נָאר אוּם נִיט צוּ פַארְגֶעסֶען דָאס מֶענְשְׁלִיכֶע לָשׁוֹן הָאט עֶר גֶעזוּכְט אַ קָאמְפַּאנִיאָן, אוֹיךְ אַזַא מֶענְשֶׁען־פַיינְד, וָואס דָאס לֶעבֶּען הָאט אִיהם אָבְּגֶענַארְט, אוּנ וָואס וִויל אוֹיךְ דֶערְפוּן אַנְטְלוֹיפֶען. נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט הָאט פְרִידְרִיךְ זִיךְ עֶרְקְלֶערְט פַאר דִיזֶען קָאמְפַּאנִיאָן אוּנ קִינִיגְסְקָארְט הָאט אִיהם מִיט שִׂמְחָה אוֹיפְגֶענוּמֶען.

קִינִיגְסְקָארְט לֶעגְט אִיהם פָאר גֶעלְד אוֹיף צוּ אָרְדְנֶען זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, נָאר פְרִידְרִיךְ זָאגְט זִיךְ דֶערְפוּן אָב, וַוייל עֶר הָאט גָאר נִיט נֵייטִיג. בַּאלְד אָבֶּער דֶערְמָאנְט עֶר זִיךְ אִין דֶער אָרֶעמֶער פַאמִילִיֶע לִיטְוַואק אוּנ בֶּעט בַּיי קִינִיגְסְקָארְטֶען פַאר זַיי. דֶער אַמֶערִיקַאנֶער אִיז זֶעלְבְּסְטְפֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ אַ וַתְּרָן אוּנ גִיט אִיהם גַאנְצֶע פִינְף טוֹיזֶענְט רַיינִישׁ, נָאר לַאכְט אִיהם אוֹיס, וָואס עֶר אִיז נָאךְ אַזוֹי נַארִישׁ אוּנ וִויל הֶעלְפֶען פְרֶעמְדֶע מֶענְשֶׁען. דֶער אַלְטֶער מֶענְשֶׁען־פַיינְד דַאגֶעגֶען עֶרְקְלֶערְט עֶנְטְשִׁידֶען, אַז דִי מֶענְשֶׁען זֶענֶען נִיט וֶוערְט, מֶע זָאל אוֹיף זַיי רַחֲמָנוּת הָאבֶּען, אַז פַאר גוּטֶס צָאהלֶען זַיי אָב מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנ אַזוֹי וַוייטֶער.

נָאכְדֶעם וִוי פְרִידְרִיךְ הָאט דֶער אָרֶעמֶער פַאמִילִיֶע לִיטְוַואק „אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט“ דָאס גֶעלְד אוּנ דֶערְבַּיי שְׁטַארְק הֲנָאָה גֶעהַאט, וָואס אִיהם אִיז גֶערָאטֶען זִיךְ אָבְּצוּטְרָאגֶען, אֵיידֶער דִי אָרֶעמֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם גֶעזֶעהֶען, וָואס פַאר הַצְלָחָה עֶר הָאט זַיי גֶעבְּרַאכְט,— הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין אִין גַאנְצֶען בֶּערוּהִיגְט אוּנ גֶערֶעכֶענְט זַיינֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת

מיט׳ן לעבּען, און מיט דער מענשהייט אין גאַנצען געענדיגט און איז מיט זיין אַמעריקאַנער אָבגעפאָהרען אויף זיין שיף צו דער אינזעל.

## XI

פאָהרענדיג אַזוי אויפ׳ן ים, זענען זיי פאַרבּיי געפאָהרען די אינזעל קרעטא, ניט ווייט פון פאַלעסטינא, רופט זיך קיניגסקארט אָב צו פרידריכ׳ן:

„אפשר האָט איהר חשק, דאָקטאָר, זעהען אייער פאָטער־לאַנד איידער מיר וועלען זיך געזעגענען מיט דער וועלט?“

„מיין פאָטער־לאַנד?“ פאַרוואונדערט זיך פרידריך. „איהר ווילט זיך אומקעהרען קיין טריעסט?“

„הס ושלום!“ שרייט קיניגסקארט. „אייער פאָטער־לאַנד ליגט דאָך דאָ ניט ווייט, פאַלעסטינא!“

„אַזוי דאָס מיינט איהר? איהר האָט אַ טעות. מיט פאַלעסטינא האָב איך קיין שום משא ומתן ניט. איך בּין דאָרט נאָך קיינמאָל ניט געוועזען און סע אינטערעסירט מיך גאָר ניט. מיינע עלטערן זענען שוין אַכטצעהנדהונדערט יאָהר פון דאָרט. וואָס זשע האָב איך דאָרט צו זוכען? גאָר די אַנטיסעמיטען קענען זאָגען, אַז פאַלעסטינא איז אונזער פאָטער־לאַנד...“

בּיי דיזע ווערטער דערמאָנט זיך פרידריך אינ׳ם קליינעם דוד ליטוואַק און איז מוסיף: „אויסער די אַנטיסעמיטען האָב איך עס נאָך געהערט פון אַ קליין יודיש יונגעל, אַז פאַלעסטינא איז אונזער פאָטער־לאַנד. אפשר ווילט איהר מיך רייצען, הער קיניגסקארט?“

„זָאל מִיךְ דֶער רוּחַ צוּעֶמֶען אוֹיבּ אִיךְ מֵיין אַייךְ צוּ רֵייצֶען.
אַדְרַבָּא אִיךְ הָאבּ עֶס גַאנְץ עֶרְנְסְט גֶעמֵיינְט. בֶּאֱמֶת פַארְשְׁטֶעה אִיךְ
אַייךְ יוּדֶען גָאר נִיט. וֶוען אִיךְ זָאל זַיין אַ יוּד וָואלְט אִיךְ מִיט אַזַא
זַאךְ גָאר שְׁטָאלְצִירְט אוּנ אִיהר שֶׁעמְט זִיךְ גָאר דֶערְמִיט. אִיז דֶען אַ
חִדוּשׁ; וָואס מֶע הָאט אַייךְ אוּמֶעדוּם פַּיינְט — גִיט אַייךְ גֶעוֶועהנְלִיךְ
מֵיין אִיךְ".

אִין דֶעם דָאזִיגֶען אִינְטֶערֶעסַאנְטֶען שְׁמוּעֶס הָאט פְּרִידְרִיךְ גֶע־
לֶעגֶענְהֵייט גֶעהַאט גֶעוָואהר צוּ וֶוערֶען, וִוי אַזוֹי מֶע קוּקֶען אוֹיף אוּנְ־
זֶער אַסִימִילִירְטֶען פַּאטְרִיאָטִיזְם אַפִּילוּ דִי אֵיידְלֶע קְרִיסְטֶען, וָואס
מַאכֶען קֵיין אוּנְטֶערְשִׁיד נִיט צְוִוישֶׁען יוּדֶען, קְרִיסְטֶען, מַאחְמֶעדַאנֶער
אוּנ פַייעֶר־בֶּעטֶער. קִינִיגְסְקָארְט דֶערְצֵעהלְט אִיהם דֶערְבַּיי אַ מַעֲשֶׂה
פוּן זַיין אָפִּיצִיעֶר־צַייט: אַ יוּדִישֶׁער סָאלְדַאט הָאט תַּרְעוּמוֹת גֶעהַאט
אוֹיף אִיהם, וַוייל עֶר הָאט פוּן אִיהם חוֹזֶק גֶעמַאכְט, אַז עֶר קָאן בֶּעסֶער
מִיט וֶועכְּסְלֶען הַאנְדְלֶען אַלְס אוֹיף פֶּערְד רַייטֶען. דֶער יוּד הָאט גֶע־
וָואלְט אִיהם וַוייזֶען, אַז עֶר אִיז נִיט קֵיין בַּעַל־פַּחַד אוּנ הָאט גֶעגֶעבֶּען
אַ שַׁארְפֶען שְׁפָּארֶען. עֶס אִיז אִיהם אָבֶּער נִיט גֶערָאטֶען אוּנ עֶר הָאט
גֶעבְּרָאכֶען הַאלְז אוּנ נַאקֶען.

„אִיהר מֵיינְט אַז אַ יוּד הָאט נִיט קֵיין עָהרֶענְגֶעפִיהל?" בֶּעמֶערְקְט
פְּרִידְרִיךְ.

„נֵיין, נִיט דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט זָאגֶען... אִיבְּרִיגֶענְס וֶוען דִי
יוּדֶען זָאלֶען הָאבֶּען ווִירְקְלִיךְ אַיין עָהרֶענְגֶעפִיהל וָואלְטֶען זֵיי זִיךְ נִיט
גֶעלָאזְט צוּפְרִידֶען מִיט אַלֶע יֶענֶע בִּזְיוֹנוֹת, וָואס זֵיי שְׁטֶעהֶען אוֹיס".

„וָואס זָשֶׁע זָאלֶען דִי יוּדֶען טוּן, הָער קִינִיגְסְקָארְט?“

„וָואס דָאס וַויים אִיךְ נִיט. גָאר עֶפִּיס, אַזוֹי וִוי מַיין יוּדִישֶׁער סָאלְדַאט. אִיךְ הָאבּ דָאךְ פַּאר אִיהם מֶעהר דֶרֶךְ־אֶרֶץ בֶּעקוּמֶען“.

„דֶרֶךְ־אֶרֶץ פַאר דֶער צֶעבְּרָאכֶענֶער הַאנְט?“

„נֵיין, וַוייל עֶר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען, אַז עֶר הָאט אַ רָצוֹן... אִיךְ זָאל זַיין אוֹיף אַייעֶר אָרְט וָואלְט אִיךְ עֶפִּיס אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶפִּיס מוּטִיגֶעס עֶפִּיס גְרוֹיסֶעס, אַז אַפִּילוּ דִי שׂוֹנְאִים זָאל עֶס אוֹיפְרַייסֶען דִי מַיילֶער פַּאר שְׁטוֹינֶען... וָואס מֶעהר אִיךְ טְרַאכְט דֶערְפוּן קוּם אִיךְ צוּם גֶעדַאנְק, אַז סֶע מוּז הַיינְטִיגֶע צַייטֶען שְׁטַארְק אִינְטֶערֶעסַאנְט זַיין צוּ זַיין אַ יוּד, טַאקִי דֶערְפַאר, וַוייל עֶר הָאט גֶעגֶען זִיךְ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט“.

זַיי הָאבֶּען עֶנְדְלִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אַריין פָאהרֶען קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא.

XII.

זַיי הָאבֶּען פַארְבְּרַאכְט עֶטְלִיכֶע טֶעג אִינ'ם אַלְטֶען יוּדִישֶׁען לַאנְד.

דֶער אַיינְדְרוּק אִין יָפוֹ אִיז גֶעוֶוען זֶעהר נִיט אַנְגֶענֶעהם. דִי דָאזִיגֶע שְׁטָאדְט לִיגְט אַפִּילוּ זֶעהר אוֹיף אַ שֵׁיין אָרְט, בַּיים בְּלוֹיֶען יַם, זִי אִיז אָבֶּער אַזוֹי פַארְנַאכְלֶעסִיגְט אוּנ חָרוּב, אַז סֶע פַארְחַאפְּט בַּיים הַארְצֶען דָאס צוּ זֶעהן. שְׁמוּץ, אוּמְרַיינְקַייט, אָרֶעמְקַייט אוּנ דַחְקוּת הָאבֶּען זִיךְ דָארְט אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט טִיעף. דָאס פוֹילְקַייט הָאט זִיךְ דָארְט אַ שְׁטֶענְדִיגֶע נֶעסְט גֶעמַאכְט.

„אוֹיב דָאס אִיז אוּנְזֶער לַאנְד אִיז עֶס פוּנְקְט אַזוֹי אַרָאבְּגֶעקוּמֶען

אַזוֹי וִוי אוּנְזֶער פָאלְק׳. הָאט זִיךְ פְרִידְרִיךְ נִיט אַיינְגֶעהַאלְטֶען אוֹיסְ־
צוּזָאגֶען. אַ מֶעלַאנְכָאלִישֶׁעס גֶעפִיהל הָאט אִיהם בֶּעהֶערְשְׁט.

קִינִיגְסְקָארְט אִיז נַאטִירְלִיךְ אוֹיךְ שְׁטַארְק בֵּייז אוֹיף דֶעם אָבְּ־
גֶעלָאזְטֶענְקַייט אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִי אַלְטֶע קְדוֹשִׁים. נָאר זַיין גֶעזוּנְטֶער
מֶענְשֶׁען־פַארְשְׁטַאנְד זֶעהט בַּאלְד אַיין, אַז סֶע לָאזְט זִיךְ דָא פִיעל
מַאכֶען, דָאס לַאנְד קָאן נָאךְ וִוידָער אוֹיפְבְּלִיהָען. "וַואסֶער אוּנ שָׁאטֶענְס
(פוּן בּוֹימֶער) מוּז אַהֶער גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, דַאן הָאט דָאס לַאנְד נָאךְ
אַיין עָתִיד, וֶוער וַוייסְט וִוי גְרוֹיס!"

"וֶוער אָבֶּער זָאל אַהֶער בְּרֶענְגֶען וַואסֶער אוּנ שָׁאטֶענְס?"

"דִי יוּדֶען!" עֶנְפֶערְט קוּרְץ אוּנ עֶנְטְשְׁלָאסֶען דֶער אַלְטֶער
אַמֶערִיקַאנֶער.

קַיין יְרוּשָׁלַיִם זֶענֶען זַיי אָנְגֶעקוּמֶען בַּיי נַאכְט. ס׳אִיז גֶעוֶוען אַ
וואוּנְדֶערְשֵׁענֶע לְבָנָה; וָואס נָאר אִין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל קָאן אַזֶעלְכֶע זַיין.
אִינְטֶער דֶער שְׁטָאדְט זֶענֶען זַיי אָבְּגֶעשְׁטִיגֶען פוּן דֶעם וָואגֶען אוּנ
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אַבִּיסְל צוּ פִיס. עֶפִּיס אַ מְשׁוּנָה גֶעפִיהל הָאט זִיךְ בַּיי
זַיי דֶערְוֶועקְט אִין דִי הֶערְצֶער. דֶער אַלְטֶער קְרִיכְט בְּרוּמְט: "דָא אִיז
אוּנְזֶער הֶער אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען". "אַךְ וִוי שֵׁען אוּנ פְּרֶעכְטִיג דָא אִיז!"
"אָבֶּער אַייךְ, הֶער דָאקְטָאר, מוּז דָאךְ דָאס אַלֶעס אוֹיךְ עֶפִּיס זָאגֶען?
דִי אַלְטֶע מוֹיֶערֶען, דָאס טָאל"...

"יְרוּשָׁלַיִם!" מוּרְמֶעלְט פְרִידְרִיךְ כִּמְעַט צוּ זִיךְ אַלֵיין. עֶר קָאן זִיךְ
גָאר אַלֵיין נִיט עֶרְקְלֶערֶען פַאר וָואס דֶער אָנְבְּלִיק פוּן דִיזֶער אוּנְבֶּע־
קַאנְטֶער שְׁטָאדְט הָאט אִיהם אַזוֹי פַארְחַאפְּט בַּיים הַארְצֶען. אֶפְּשַׁר

זִכְרוֹנוֹת פוּן דִי .קִינְדָער־יָאהְרֶען ? אֶפְשַׁר פְּסוּקִים פוּנ'ם פָּאטֶער'ס דַאווְנֶען אוּנ לֶערְנֶען ? עֶר דֶערְמַאנְט זִיךְ דִי שְׁטִילֶע קְדוּשָׁה פוּן דִי פֶּסַח־נֶעכְט בַּיים טַאטֶענְ'ס סֵדֶר אוּנ אַזוֹי ווִי פוּנְ'ם שְׁלָאף קְלִינְגֶען אִיהם אִין דִי אוֹיעֶרֶען דִי עֶטְלִיכֶע לָשׁוֹן־קוֹדֶשׁ־ווֶערְטֶער : לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלַיִם !... אוּנ עֶר זֶעהט זִיךְ פְּלוּצִים אַלְס אַ.קְלֵיין .קִינְד גֶעהֶענְדִיג מִיטְ'ן פָּאטֶער אִין שׁוּהל אַרַיין. אַךְ, דִי אֱמוּנָה אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִינאַיינֶעם מִיט דֶער יוּגֶענְד, אִינְאַיינֶעם מִיט דֶעם לִיבֶּען פָּאטֶער — אוּנ פַּאר אִיהם שְׁטֶעהֶען דִי מוֹיעֶרֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם ווִי אִין אַ פַאנְטַאזִיאַ מַעֲשֶׂה בֶּעלוֹיכְטֶען פוּנְ'ם גְלַאנְץ פוּן דֶער שֶׁעגֶער לְבָנָה. אִין דִי אוֹיגֶען יַאוֶועט זִיךְ אַ וַוארֶעמֶע טְרֶער. דָאס גֶעפִיהל אִיז אִיהם גוֹבֵר אוּ: טְרֶערֶען גִיסֶען זִיךְ אִיבֶּער דִי צֶעבְּרֶענְטֶע בַּאקֶען. .קִינִגְסְקָארְט חַאפְּט אִיהם אוּנְטֶער דִי אָרֶעם אוּנ דֶער .קְרִיסְט מִיטְ'ן יוּדֶען גֶעהֶען אִין דֶער שֶׁעגֶער לְבָנָה־נַאכְט אִיבֶּער דִי גַאסֶען פוּן דֶער אַמָאלִיגֶער יוּדִישֶׁער רֶעזִידֶענְץ...

XIII,

אַסַךְ וֶוענִיגֶער הָאט זֵיי יְרוּשָׁלַיִם גֶעפֶעלֶען בַּיי טָאג. דָאס אוּמְרֵיינֶקֵייט אוּנ דֶער גֶעפִּילְדֶער אִין דִי עֶנְגֶע דוּשְׁנֶע גַאסֶען מַאכְט אוֹיף זֵיי אַ שְׁטֶערְצְלִיכֶען אֵיינְדְרוּק. דִי מֶענְשֶׁען, כְּמְעַט דוּרְכאוֹיס שְׁמוּצִיג, בֶּעטְלֶער, הוּנְגֶערִיגֶער אוּנ קְרַאנְקֶע — טִיעפֶער הָאט שׁוֹין דִי אַמָאלִיגֶע קֶענִיגְסְשְׁטָאדְט נִיט גֶעקָאנְט זִינְקֶען.

זֵיי הָאבֶּען בַּאטְרַאכְט דִי מֶערְקְווִירְדִיגְקֵייטֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט. זֵיי קוּמֶען אוֹיךְ אִינְ'ם טְרוֹיעֶרִיגֶען גֶעסְל פוּנְ'ם כּוֹתֶל מַעֲרָבִי. דֶער אָנְבְּלִיק פוּן דִי פַּרְנָסָה־קַבְּצָנִים מַאכְט אוֹיף זֵיי אַ שְׁווֶערֶען אֵיינְדְרוּק.

„אִיהר זֶעהט, הֶער קִינִיגְסְקָארְט, מִיר זֶענֶען וִוירְקְלִיךְ אוֹיף טוֹיט גֶעשְׁטָארְבֶּען. פוּן דֶער יוּדִישֶׁער מְלוּכָה אִיז נִיט מֶעהר גֶעבְּלִיבֶּען וִוי אַ שְׁטִיקְל וַואנְט פוּן בֵּית־הַמִקְדָשׁ. אוּנ וִויפִיעל אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט אָנְ־שְׁטְרֶענְגֶען — פַאר דֶעם בִּיסְל נַאצִיאָנַאל־שְׁטֵיינֶער פִּיהל אִיךְ גָאר נִיט״.

דִי דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר אַזוֹי הוֹיךְ גֶעזָאגְט, אַז סֶע הָאט זַיי דֶערְהֶערְט אַ הֶער אִין אֵייְרָאפֵּייאִישֶׁער קְלַיידוּנְג. וָועלְכָער הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ פְרִידְרִיכְ׳ן׃

„פוּן אַייֶערֶע רֵעד זֶעה אִיךְ, אַז אִיהר זֶענְט אַ יוּד. לָאזְט זְשֶׁע מִיךְ אַייךְ אוֹיפְקְלֶערֶען אַייֶער טָעוּת. פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק אִיז מֶעהר גֶעבְּלִיבֶּען וִוי דָאס בִּיסְל שְׁטֵיינֶער. אִיהר דַארְפְט דָאס פָאלְק נִיט בָּע־טְרַאכְטֶען נָאר לוֹיט דִי בֶּעטְלֶער אָדֶער לוֹיט זַיינֶע רַייכֶע״.

דֶער הֶער עֶרְקְלֶערְט אִיהם וַוייטֶער, אַז אִין רוּסְלַאנְד גֶעפִינֶען זִיךְ נָאךְ יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען אַ לֶעבֶּעדִיג יוּדִישׁ גֶעפִיהל, אַ לִיבֶּע צוּם עָבַר אוּנ אַ הָאפְנוּנְג אוֹיפְ׳ן עָתִיד. אַז דָארְט זֶענֶען נָאךְ דִי בֶּעסְטֶע אוּנ גֶעבִּילְדֶעטְסְטֶע יוּדֶען גֶעטְרַיי גֶעבְּלִיבֶּען דֶעם יוּדֶענְטְהוּם אוּנ הָאפֶּען נָאךְ דָאס וִוידֶער אוֹיפְלֶעבֶּען פוּן אוּנְזֶער אוּמָה צוּ דֶערְגְרֵייכֶען.

דֶער רוּסִישֶׁער יוּד הָאט גֶערֶעדְט מִיט הִיץ. אוּנ אַלְס זַיי זֶענֶען זִיךְ וִוידֶער צוּנוֹיף־גֶעקוּמֶען בַּיינַאכְט אִינְ׳ם הָאטֶעל, הָאט עֶר זַיי דֶערְ־צֵייהלְט פוּן דִי נַייֶע יוּדִישֶׁע קָאלָאנִיֶען אוּנ פוּן דִי נַייֶע יוּדִישֶׁע הָאפְ־נוּנְגֶען. עֶר הָאט זִיךְ זַיי פָארְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט זַיין נָאמֶען: דָאקְטָאר אַייכֶענְשְׁטַאם, אַיין אוֹיגֶען־דָאקְטָאר פוּן רוּסְלַאנְד מִיט זַיין טָאכְטֶער דָאקְטָאר סָאשַׁא.

אײכענשטאם האט זײ צוגערעדט צו מאכען נסיעה איבער די יודישע קאלאניען, װעלכע זענען אונזערע רײזענדע שטארק געפעלען. ס'איז זײ געפעלען די ארבײטספעהיגקײט פון די יודישע קאלאניסטען און נאכמעהר דער פרײער מוט פונ'ם יונגען דור. קינגסקארט האט פאר ענטציקען אזש אויסגעשריגען: „די יונגען רײטען דאך װי די שדים!"

פרידריך אבער איז געבליבען ניט בעריהרט פון דעם נײעם געזונטען לעבען און איז כמעט צופרידען געװען שוין צוריקצוקומען אויף זײער שיף װעלכעס דארף זײ פיהרען אויף די װײטע אינזעל.

אויפ'ן שיף, זענען זײ געקומען צוריק דעם 31 דע׳אבר 1902. אין מיטען דער נאכט רופט קינגסקארט פרידריכען אויף דער שיפס־דעקע, צו בעגעגענען דאס נײע יאהר. פרידריך איז אפילו ניט אויפגעלעגט, נאר ער װיל זײן פרײנד צוליב טון און פארברענגט מיט איהם צוזאמען בײם טיש און װײן.

אינ'ם ש װעס צעהיצט זיך קינגסקארט און זידעלט די הײנטיגע אײראפײאישע געזעלשאפט, אזוי װי זײן מנהג, ער מאכט צונישט די גאנצע קולטור מיט די טעלעגראפען און טעלעפאנען כל זמן די חברה לעבט ניט אזוי װי זי דארף לעבען. װאלטען נאר די מענשען געװאלט, װאלטען זײ גאנץ גיך געקאנט זיך פארשאפען א נײע פארם פון לעבען, פון גליק און ברכה. מיט הײנטיגע קענטניסען און אידעען פונ'ם יאהר 1902 קאן מען עס מאכען אין עטליכע יאהר.

„און װײסט איהר, מענש, װער עס קאן זײן דער װעג־װײזער צום

נײעָן לעבּען ?" ענדיגט דער פֿאַרבּרענטער מענשען־פֿײנד מיט התלהבות, „איהר! איהר יודען! געראדע וועט אײך שלעכט. איהר האָט שוין ניט װאָס אָנצוװערען, קענט איהר מאַכען דאָס פֿראַגע־לאַנד פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט. דאָרט אַקעגען, וואו מיר זענען ערשט געװען קענט איהר אױף דער אַלטער ערד פֿון אײערע אָבות בּעשאַפֿען אַ נײ לאַנד מיט נײעם לעבּען. אַלטנײלאַנד!"

פֿרידריך אָבּער איז שוין געװען פֿאַרמישט פֿונ'ם וויין און די לעצטע װערטער האָט ער שוין געהערט כּמעט ווי דורכ'ן שלאָף.

---

## XV.

אין צוואַנציג יאָהר אַרום פֿאַרגליסט זיך אונזערע נזירים פֿון דער אינזעל זיך אַ ביסל דורך־פֿאָהרען צוריק קײן אײראָפּאַ און „חאַ־פּען" אַ קוק אויף דער אומגליקליכער מענשהייט, װאָס און ווי אַזוי זי מאַכט.

דאָ קומט ערשט דער מחבר צו דעם עיקר תּכלית פֿון זיין חבור, דאָ ערשט איז דער רעכטער מכוון פֿון דעם ספר, איבּער וועלכען מיר רעדען.

אונזערע לײט מוזען צוריק־פֿאָהרענדיג אַזוי ווי אַהין־פֿאָהרענ־דיג פֿאַרבּייגעהן פּאַלעסטינאַ, נאָר דאָ שטעלט זיך זייערע אויגען פֿאַר אַ גאַנץ נײ בּילד פֿון לעבּען און ריהריגקייט אויפ'ן אָרט פֿון דעם פֿריהערען פֿוילען, פֿאַרשלאָפֿענעם. זײ װערען געװאָהר, אַז אין די צוואַנ־ציג יאָהר איז די מענשהייט ניט געבּליבּען שטעהן אויף אײן אָרט.

אונטערדערצייט איז אָבְגעטאן געוואָרען אַזאַ זאַך, וואס דעם גְלַייכען פון דעם געפינט מען ניט אין דער גאַנצער היסטאָריע: דאס יודישע פאָלק האט זיך אומגעקעהרט אין זיין אַ מאָלינגער היים און דאָרט אַ נייע געזעלשאַפט מיט נייע פאָרמען, אַ נייע קולטור פון לאַנד און אונטערנעהמונג אויפגעבויעט — מיט איין וואָרט, זיין אַלטנייאַנד געשאַפען.

ווי אַזוי זעהט אויס אַלטנייאַנד אונטער די יודען? ווי אַזוי פיהרט מען זיך דאָרט אויף? מיט וועלכע מיטעל האט מען דאס אַלעס צו שטאַנדע געבראַכט? דאס זענען אַלץ פראַגען, וואס מוזען יעדען אינטערעסירען און דער ספור-המעשה גיט דערויף גאַנץ קלאָרע תשובות.

---

דאס ערשטע וואס ס'האט זיך זיי געוואָרפען אין אויג איז געווען, וואס אינ'ם רויטען ים (ים סוף) האבען זיי די גאַנצע צייט נאר בעגעגענט סחורה־שיפען און קיין איינציגע ניט פון פאסאַזשירען. צוריק מיט צוואנציג יאָהר איז דא געווען אַ גרויסע בעוועגונג פון פאַסאַזשיר־טראַנספּאָרט קיין אָסט־אינדיע און כינא (קיטאַ).

ערשט בעת זיי זענען אָבגעשטיגען אין פאָרט־סאַיד זענען זיי געוואהר געוואָרען, אַז די וועלט האט זיך אין דער צייט אַ שטאַרקען רוק געטאן; דורך דעם נייעם יודישען ישוב אין פאַלעסטינא, האט זיך געעפענט אַ נייער וועג צום ווייטען מזרח: איבער ארץ־ישראל. אונזערע ווילדע אינזעל־וואהנער האבען אויפגעשטעלט מ'יל און אויערען אויף דער איבערראשענדער ידיעה. דאס וויסטע פאַלעסטינא,

וואס זיי האָבען געזעהן פאַר צוואַנציג יאָהרען, איז לויט דער מעל־דונג, אַציגד אַ שׁען אויפגעבליהט לאַנד מיט פּאַרטען און אייזען־באַהנען און פאַרנעמט אין דער האַנדעלס־וועלט אַ זעהר וויכטיגע פּלאַץ אַלץ פאַרמיטלערין צווישען אייראָפּאַ און אַזיע. פרידריך מיט קינדסקינדער האָבען בעשלאָסען אָבצוטרעטען אין דעם ערשטען יודישען פּאָרט, אום דאָס אַלטע־נייע לאַנד צו בעטראַכטען.

שוין פון דער ווייטענס צוגעהענדיג צום פּאָרט חיפה, האָבען אונזערע לייט געמוזט שטוינען דערזעהענדיג די פאַרענדערונג' וואס איז דאָ זייט יענער צייט איינגעטרעטען.

„דאָ איז עפּיס אַ נס געשעהן" האָט פרידריך אויסגעשריגען בעטראַכטענדיג דורך אַ שפּאַקטיוו דעם יודישען פּאָרט: אויפ'ן רעיד צווישען עכּו און דעם כּרמל אַנקערען ריעזיגע שיפען, אַזעלכע ווי מע פלעגט שוין בויען אין'ם סוף פון'ם נייגצעהנטען יאָהר־הונדערט. אויפ'ן ברעג אָבער פון'ם ים איז געוועזען צו זעהן אַ פּראַכטפאָלע קאַרמינע. טויזענטער שענע ווייסע פּאַלאַצען לייכטען אַרויס פון'ם גרינעם גראָז אַרום. פון עכּו ביז צום כּרמל שיינט אַ גרויסער גאָרטען צו זיין, און דער באַרג אַליין איז אויך אַזוי ווי געקריינט דורך שענע פלאַנצונגען.

ווייל זיי זענען אָנגעקומען פון דרום־זייט, האָט זיי דער באַרג פריהער פאַרשטעלט דעם פּאָרט און די שטאָדט חיפה. אַז זיי האָבען אָבער זיך צוגעריקט נעהנטער, האָט זיך אויך די דאָזיגע פאַר זיי געעפענט און דאָ איז קינדסקינדער שוין אין גאַנצען אַרויס פון די כּלים. אַ העררליכע שטאָדט איז עס געוועזען ליגענדיג ביים טיעף־בלויען ים. גרויס־

אַרטִיגֶע גֶעבֵּיידֶע אוּנ גוּט אֵיינְגֶערִיכְטֶעטֶע שְׁטֵיינֶערְנֶע מָאלֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען בַּאלְד גֶענֶעבֶּען צוּ דֶערְקֶענֶען, אַז דָא לִיגְט אֵיינֶע פוּן דִי בֶּעסְ־טֶע אוּנ זִיכֶערְסְטֶע פָּארְטֶען אִינְ'ם מִיטֶעל־לֶענְדִישֶׁען יַם. שִׁיפֶען פוּן אַלֶערְלֵיי גְרוֹיסֶען, פוּן אַלֶערְלֵיי סָארְטֶען, פוּן אַלֶערְלֵיי פֶעלְקֶער הַאלְטֶען זִיךְ אוֹיף אִין דֶעם דָאזִיגֶען פַארְבָּארְגֶענֶעם אוּנ גֶעשִׁיצְטֶען אָרְט.

קִינְגְסְקָארְט אוּנ פְרִידְרִיךְ זֶענֶען גֶעוֶוען צֶעמִישְׁט. אוֹיף זֵייעֶר לַאנְד־ אוּנ יַם־ קַארְטֶע פוּן פַאר צְוָואנְצִיג יָאהְרֶען הָאט זִיךְ פוּן דֶעם אַלֶעמֶען גָאר נִיט גֶעפוּנֶען.

## XVI.

אַרוֹיפְגֶעהֶענְדִיג אוֹיף דִי שֵׁיין־גֶעפְלַאסְטֶערְטֶע טְרֶעפ פוּנְ'ם בְּרֶעג צוּ דֶער שְׁטָאדְט, הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע פְרֶעמְדֶע בֶּעמֶערְקְט ווִי אֵיינֶער אַ עָלֶעגַאנְטֶער הֶער, וֶועלְכֶער אִיז זֵיי גֶעגַאנְגֶען דִי טְרֶעפ אַרָאבּ אֶקֶעגֶען, הָאט זִיךְ פְּלוּצִים אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ גֶענוּמֶען זִיךְ שְׁטַארְק אַיינְקוּקֶען אִין פְרִידְרִיכְ'ס פָּנִים. קִינְגְסְקָארְט אִיז דֶערְפוּן שְׁטַארְק בֵּייז גֶעוָוארֶען אוּנ בְּרוּמְט אוּנְטֶער דֶער נָאז: „וָואס ווִיל דֶער דָאזִיגֶער נֶפֶשׁ? עֶר הָאט נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעזֶעהֶן קֵיין צִיווִילִיזִירְטֶען מֶענְשֶׁען?"

פְרִידְרִיךְ עֶנְטְפֶערְט לַאכֶענְדִיג: „דָאס קָאן מֶען נִיט זָאגֶען. דִי לַייט זֶעהֶען דָא אוֹיס צִיווִילִיזִירְטֶער פוּן אוּנְז. גִיכֶער קָאן זַיין, אַז מִיר זֶעהֶען בַּיי אִיהם צוּ פַארְעֶלְטֶערְט אוֹיס. קוּקְט נָאר אַרוֹיף! וָואסֶער אַ רִיהְרִיוְו־דִיגְקֵייט אִין דִי גַאסֶען, אַזוֹי ווִי אִין אַ גְרוֹיסֶער וֶועלְט־שְׁטָאדְט. דִי מַאסֶען שֵׁיין גֶעקְלֵיידֶעטֶע מֶענְשֶׁען. אִיךְ מֵיין, אַז אוּנְזֶערֶע מַלְבּוּשִׁים זֶענֶען אַ בִּיסֶל אוֹיס מָאדֶע".

דְער אוּנְבֶּעקאַנְטֶער דֶערְוַייל, הָאט זַיי פוּנ'ם אוֹיג גִיט אַרוֹיכ־ גֶעלָאזְט. עֶר אִיז זַיי נָאכְגֶעגַאנְגֶען פִּיקְטְרִיט אוּנ זִיךְ גֶעפְּלַייסְט אַיינְ־ צוּהֶערֶען אִין וָואסֶער אַ לָשׁוֹן זַיי רֶעדֶען. אָט אִיז עֶר שׁוֹין גֶעבֶּען זַיי אוּנ מִיט אַיינְמָאל גִיט עֶר זִיךְ אַ דְרֵעה אוּנ בְּלַייבְּט שְׁטֵעהן פַאר דִי כְּרָעַי־ן.

„הֶער ז' בַּייזָ־ט זִיךְ קִינְגֶסְקָארְט, „וָואס וִוילְט אִיהר אַיינְגֶענְטְלִיךְ פוּן אוּנְז?"

דָער הֶער עֶנְטְפֶערְט קֵיין וָוארְט. עֶר וָוענְדְט זִיךְ צוּ פְרִידְרִיכְ'ן אוּנ פְרֶעגְט אִיהם מִיט אַ צִיטֶערְדִיגֶער שְׁטִימֶע: „זֶענְט אִיהר עֶס דָאקְטָאר פְרִידְרִיךְ לֶעוֶוענְבֶּערְג?"

גִיט קֵיין סַךְ צוּ בְּרוּמֶען — דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער הֶער דָוִד לִיטְוַואק דָער אַמָאלִיגֶער אָרֶעמֶער יוּנְגֶל פוּנ'ם הוֹיזִירָער, וֶועלְכֶער הָאט פְרִידְרִיכְ'ן גֶעבֶּעטֶען אַ נְדָבָה אוּנ וֶועלְכֶער אִיז דוּרְךְ פְרִידְרִיכְ'ס צְדָקָה גֶערֶע־ טֶעט גֶעוָוארֶען פוּן הוּנְגֶער אוּנ נוֹיט. דָוִד הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט פַאר אַ גַאנְץ טִיכְטִיגֶען מֶענְשֶׁען. עֶר מִיט זַיין פַאמִילְיֶע הָאבֶּען מִיטְגֶע־ אַרְבֵּייט בַּיים אוֹיפְלֶעבֶּען פוּנ'ם יוּדִישֶׁען לַאנְד אוּנ אוֹיךְ אַצִינְד אִיז עֶר אַיינֶער פוּן דִי רֶעדֶעלְפִיהרֶער אִין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל.

סֶע אִיז פוּן זִיךְ צוּ פַארְשְׁטֵעהן, אַז דָוִד לִיטְוַואק אִיז מָלֵא שִׂמְחָה וְוידֶער צוּ זֶעהן זַיין מַלְאָךְ פוּן דִי יוּנְגֶע יָאהרֶען, וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶע־ הַאלְטֶען שׁוֹין לַאנְג טוֹיט. עֶר הָאט שׁוֹין זַיין נְסִיעָה אַוֶועק גֶעשְׁטֶעלְט אָן אַ זַייט אוּנ זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען נָאר מִיט זַיינֶע טַייעָרֶע גֶעסְט מִיט פְרִידְרִיכְ'ן

אוּנ־קִינְגְסְקָארְטֶען, וָועלְכֶען עֶר הָאט בַּאלְד פַאר אַ פְרַיינְד אוֹיפְגֶענוּמֶען, וַוייל עֶר אִיז פְרִידְרִיכְ׳ס פְרַיינְד גֶעוֶועזֶען.

דִי צְוַויי פְרֶעמְדֶע הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ נִיט אוּסְפֶּעיֶעט אוּמְקוּקֶען, זֶענֶען זֵיי שׁוֹין גֶעוֶוען פוּן דָוִד לִיטְוַואק גֶעפִיהְרְט אוֹיף דֶער בְּרֵייטֶער גַאס אוּנ עֶרְשְׁט דָא הָאט זִיךְ פַאר זֵיי גֶעעֶפֶענְט אַ בִּילְד פוּן אַ וואוּנְדֶער שֵׁענֶער שְׁטָאדְט אוּנ לֶעבֶּעדִיג־רַאשֶׁענְדִיגֶער בֶּעוֶועגוּנְג.

פַאר זֵיי וַוייטֶערְט זִיךְ אוֹיס אַ גְרוֹיסֶער פְּלַאץ, וֶועלְכֶער אִיז פַארְצֶעפֶּעוֶועט מִיט דִי אַרְקַאדֶען פוּן שְׁטַאטְלִיכֶע גֶעבֵּיידֶען. אִין דֶער מִיט אַ שֵׁענֶער גָארְטֶען פוּן פַּאלְמֶען. דִי פַּאלְמֶען וֶועלְכֶע זֶענֶען דָא וִוי עֶס שֵׁיינְט אַ גַאנְץ גֶעוֶועהנְלִיכֶער בּוֹים, שְׁטֵעהֶען אוֹיךְ פַארְפְּלַאנְצְט פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען גַאס. מֶע זֶעהט בַּאלְד, אַז דִי פַּאלְמֶען הָאבֶּען דָא אַ דָאפֶּעלֶען דִיעֶנְסְט: בַּיי טָאג גֶעבֶּען זֵיי שָׁאטֶען, אוּנ בַּיי נַאכְט לִיכְט, דֶען דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע לָאמְפֶּען הֶענְגֶען אוֹיף דִי בּוֹימֶער אַזוֹי וִוי גְלֶעזֶערְנֶע פֵּרוֹת. דָאס אִיז גֶעוֶוען דָאס עֶרְשְׁטֶע, אוֹיף וֶועלְכֶען קִינְגְסְקָארְט הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט. נָאכְדֶעם פְרֶעגְט עֶר אוֹיף דִי פַּאלַאצֶען, וָואס שְׁטֵעהֶען אַרוּם דֶעם פְּלַאץ אוּנ בֶּעקוּמְט אַ תְּשׁוּבָה, אַז דָאס זֶענֶען דִי קָאנְטָארֶעי פוּן פַארְשִׁידֶענֶע יַם הַאנְדֶעלְס־גֶעזֶעלְשַׁאפְטֶען אוּנ קָאלָאנִיאַל־בַּאנְקֶען. דֶער פְּלַאץ הֵייסְט דֶערִיבֶּער „פֶּעלְקֶער־פְּלַאץ".

אוּנ נִיט נָאר צוּלִיב דִי גֶעבֵּיידֶע, נָאר אוֹיךְ לוֹיט דֶער בֶּעוֶועגוּנְג פוּן דִי מֶענְשֶׁען, הָאט דֶער פְּלַאץ פַארְדִינְט דֶעם נָאמֶען „פֶּעלְקֶער־פְּלַאץ", דֶען עֶס שִׁימֶערֶען אִין אוֹיג דִי פִּיעל פַארְבִּיגֶע מֶענְשֶׁען־

מָענגֶען, וָואס בֶּעוֶועגֶען זִיךְ אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען פְּלַאץ אִין דֶער פַאר־שִׁידֶענאַרְטִיגְסְטֶער הַלְבָּשָׁה פוּן דֶער וֶועלְט.

הוֹיפְּטְזֶעכְלִיךְ אָבֶּער אִיז גֶעוֶוען צוּ זֶעהן אֵייראָפֵּייאִישֶׁע מֶענְשֶׁען אוּנ אֵייראָפֵּייאִישֶׁע הַלְבָּשָׁה, אַזוֹי אַז דִי שְׁטָאדְט הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהן וִוי אֵיינֶע פוּן דִי גְרוֹיסֶע פָּארְטָאוֶוע שְׁטֶעדְט אִין אִיטַאלִיעֶ. דֶער בְּלוֹיעֶר הִימֶעל אוּנ דֶער בְּלוֹיעֶר יַם מִיט דֶעם הֶעלְקֵייט פוּן דִי פַארְבֶּען הָאבֶּען בֶּאֱמֶת גֶעוֶועקְט דִי פָארְשְׁטֶעלוּנְג פוּן דֶער שֵׁיינֶער רִיווִיעֶרָא. נִיט מֵיין דִי גֶעבֵּיידֶע זֶענֶען גֶעוֶוען פִּיעל נַייֶער אוּנ רֵיינֶער אוּנ דִי בֶּעוֶועגוּנְג אוֹיף דִי גַאסֶען הָאט בַּיים גַאנְצֶען לֶעבֶּעדִיגְקֵייט אָנְגֶעמַאכְט וֵועניגֶער גֶעטוּמֶעל. דָאס נֶעמְט זִיךְ אַבִּיסְל פוּן דֶעם סְטַאטֶעטְשְׁנִיקֵייט פוּן דִי מִזְרָח־מֶענְשֶׁען אוּנ נָאךְ מֶעהר פוּן דֶעם וָואס אוֹיף דִי גַאסֶען הָאט זִיךְ קֵיין אֵיינְצִיגֶע בְּהֵמָה נִיט גֶעפוּנֶען. מֶע הָאט נִיט גֶעהֶערְט דָאס קְלָא־פֶּערַיי פוּן פֶערְד־קָאפִּיטֶעס, קֵיין קְנַאקֶען פוּן דִי בַּייטְשֶׁען אָדֶער טְרַאכְקֶען פוּן דִי רֶעדֶער. דֶער שָׁאסֵע אִיז אַזוֹי גְלַאט גֶעוֶוען וִוי דֶער טְרָאטוּאַר פַאר דִי פִּים־גֵעהֶער אוּנ דִי אוֹיטָאמָאבִּילֶען הָאבֶּען אַרוּם גֶעַרייזְט אוֹיף זֵייעֶרֶע גוּמִינֶע רֶעדְלֶעךְ כִּמְעַט גָאר אָהן שׁוּם רוֹישֶׁען, נָאר פוּן צַייט צוּ צַייט אַ סְווִישְׁטְשׁ גֶעבֶּענְדִיג אַלְם וָוארְנוּנְגְס־סִיגְנַאל.

אִיבֶּער דִי קֶעפּ פוּן אוּנְזֶערֶע רֵייזֶענְדֶע הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ גֶערוֹישׁ אוּנ אַלְס זֵיי הָאבֶּען פַארְרִיסֶען דִי קֶעפּ הָאבֶּען זֵיי מִיט עֶרְ־שְׁטוֹינֶען דֶערְזֶעהֶען וִוי אַ וַואגָאן פוּן אַ טְרַאמְוַואי פְּלִיהט פַארְבַּיי אִין דֶער הוֹפְּט. דִי רֶעדֶער זֶענֶען בַּיי אִיהם נִיט אוּנְטֶען, נָאר אוֹיבֶּען אוֹיפְ'ן דַאךְ אוּנ זֵיי הֶענְגֶען אוּנ דְרֵעהֶען זִיךְ אוֹיף אַ שְׁטַארְקֶער אַייזֶערְנֶער

קאַליִע פון אַ הענגענדיגער בריק און פון די פענסטער פון וואַגאָן קוקען אַרויס מענשען.

„אַלדע רוחות, וואָס איז דאָס?“ שרייט קינגסקאָרט ערשטוינט. דוד ליטוואַק אָבער לאַכט און ערקלערט זיי, אַז „דאָס איז די עלעקטרישע שוועבעבאַהן. דאָס איז אין אמת'ן ניט קיין נייעס. שוין אין די נײַנציגסטע יאָהרען פון פריהערינגען יאָהרהונדערט איז אַזאַ באַהן געמאַכט געוואָרען צווישען באַרמען און עלבערפעלד אין דייטשלאַנד. מיר האָבען דיזע באַהן אין אונזערע שטאָדט שוין פון אָנהויב אָן געמאַכט, ווייל עס איז אויף דעם אופן גרינגער צו בעוועגען מאַסען מענשען און מיט ווייניגער סכנת־נפשות. דאָס בויען האָט אויך געקאָסט ביליגער ווי די גאַסען־טראַמוואַיען.

געהענדיג אַזוי בעוואַרפען די פּרעמדע דוד ליטוואַק מיט פראַגען אָהן אַ שיעור: וואָס איז דאָס? וואָס איז יענץ? האָט איהר אין פאַלעסטינאַ נאָך שטעדט? דוד אָבער זאָגט צו אַלעס שפּעטער צו פאַרענטפערען, אַצינד אָבער וויל ער, זיי זאָלען מיט איהם פאָהרען צו איהם אַהיים אין זיין פּאַלאַץ פרידריכסהיים, וואָס ער האָט אויף פרידריכס נאָמען אָנגערופען צום אָנדענקען.

„נו און אונזער שיף?“ פרעגט קינגסקאָרט. דרויף רופט ליטוואַק צו אַ נעגער פון זיינע בעדיענטע, וועלכען ער גיט אַ בעפעהל די יאַכט צו בעזאָרגען. אין ליטוואַקס בענעמען זיך האָט זיך געפיהלט אַ בעשטימטער ענערגישער טאָן, האָטש ער האָט זיך געסטאַרעט גענוג ליבליך צו רעדען.

XVII

דורכפאהרענדיג אין דעם אויטאמאביל איז דוד ליטוואק פון אלע זייטען בעגריסט געוואָרען. ער שיינט גאנץ פּאפּולער אינ'ם לאנד צו זיין. צווישען די בעגריסער האט פרידריך בעמערקט אויך א זעהר בעקאנט פּנים אונ אלס ער האט אויף איהם געפרעגט ביי ליטוואקען, איז ער געוואהר געוואָרען, אז דאס איז זיין אלטער בעקאנטער שיפ־מאן. שפּעטער איז פרידריכ'ן פארגעקומען צו בעגעגענען אין אלט־ניילאנד נאך פיעל פון זיינע אלטע וויענער בעקאנטע, אפילו זיין אמאל געליבטע ערנעסטינע מיט איהר טאכטער. ערנעסטינע איז, פארשטעהט זיך, אונטער דער צייט אראב פונ'ם פּנים. פון איהר אמאליגער שענקייט איז קוים נאך א זכר געבליבען. דאגעגען האט זי זיך איינגעוואהנט מיט די מנהגים אונ געדאנקען פון איהר קאמפּאניע, איבערגענומען אלע זייערע פּיסטעמקעס, אזוי אז זי איז פונקט געווען אנגעמאסטען פאר מאדאם וויינבערגער, די פרוי פונ'ם „מיטשעף ביי דער פירמא וויינבערגער עט זעהנע".

פאהרענדיג מיט ליטוואקען ווערען אונזערע פארוואלדעטע ערשט געוואהר, אז זיי געפינען זיך אין אלטניילאנד אונ אז פאר זייערע אויגען איז דאס צוריקגעקעהרטע יודישע פאלק ארויס פונ'ם גלות.

קינגסקאָרט מיינט, אז מע האט די יודען פון איירָאפּא ארויס־געטריבען. ליטוואק אבער ערקלערט איהם, אז עס איז ניט אזוי פאר־געקומען, ווי ער שטעלט זיך פאר. מע האט די יודען ניט ארויס־

געטריבען, אַזוי ווי מע פּלעגט עס טון אין די אַלטע יאָהרען, נאָר מע האָט זיי אַזוי לאַנג דערפּיקעט מיט גזירות קשות, מע האָט בּיי זיי צוגענומען דעם לעצטען בּיסען פּונ׳ם מויל בּיז זיי איז אונמעגליך געוואָרען נאָך לענגער אין אייראָפּאַ צו בּלייבּען אונ זיי האָבּען גע־מוזט קומען אויף דעם געדאַנק זיך אומצוקערען צו זייער אַלטער היים. אַזוי טאַקי האָבּען מיר געטאָן אונ אָט זענען מיר אַצינד אין אַלטנייַלאַנד. אויף אונזער אַלטען טייערען לאַנד האָבּען מיר זיך געמאַכט אַ נייע געזעלשאַפט. איהר וועט זיך מיט איהר בּע־קענען, מיינע העררן.

קינגסקאָרט האָט געוואָלט אָבּ ליטוואַקען אונ ערקלערט איהם, אַז ער זאָל קיין טעות ניט האָבּען: ער איז קיין יוד ניט. ליטוואַק אָבּער בּערוהיגט איהם, אַז חאָטש עס געפינען זיך אַ טייל יודען, וואָס ווילען ניט ליידען קיין פרעמדע אין דער נייער געזעלשאַפט, זענען זיי דאָך זעהר ווייניג אונ יעדענפאַלס ווערען איבּערהויפּט די מענש־ליכע אינטערעסען געשיצט. מע פרעגט אין אַלטנייַלאַנד קיינעם ניט צו וועלכען גאָט ער דיענט. אַבּ ער איז אַ מענש איז שוין גענוג איהם אַלע רעכטע צו פאַרשאַפען. אַלע רעליגיאָנען ווערען אין אַלט־נייַלאַנד גלייך בּעהאַנדעלט אונ נעבּען די יודישע שוהלען געפינען זיך קריסטליכע קלויסטערס, מאַהמעדאַנער מסגדשעטען אונ אַפילו בּודיסטישע אונ בּראַמאַנישע תּפלות.

דורכפאָהרענדיג אין די גאַסען האָבּען זיך אונזערע געסט גאָר ניט געקאָנט זאַט אָנקוקען די שענקייט פון די געבּיידע, דאָס גלייכ־

קייט פון די נאַסען און שטאָדט־פּלאַן און דאס לעבּעדיגקייט פון די בעוועגונג. ליטוואַק האט זיי אַלע מאָל אָנגעוויזען: אָט דאס איז דער דעפּאַרטאַמענט פון ים, דאס — פון מסחר; יענץ — פון אַרבּייטס־פערמיטלונג, פון פאָלקס־בּילדונג, פון עלעקטריציטעט א. ז. וו. אַ גרויסער שעניר פּאַלאַץ האט בעזונדערס זייערע אויגען פאַרכּשופ'ט.

„דאס איז דער דעפּאַרטאַמענט פון עפענטליכער אַרבּייט. דא וואהנט אונזער ערשטער אַרכיטעקטאר שטיינעק. ער האט עס געמאַכט דעם פּלאַן פון דער שטאָדט". ערקלערט זיי ליטוואַק.

„דער מאַן האט אַ גרויסע זאַך צו מאַכען געהאט", זאגט פרידריך

„גרויס, אַ וודאי, אָבער אויך אַ פריהליכע. ער האט געהאט צו שאַפען, אַזוי ווי מיר אַלע, פונ'ם גרייטען. קיינמאָל איז נאָך אין דער געשיכטע ניט פאָרגעקומען אַז שטעדט זאָלען אַזוי ראַשיג אויפגע־בּויעט ווערען, ווי בּיי אונז, ווייל מע האט נאָך קיינמאָל ניט געראַט אַזוי פיעל טעכנישע מיטעל צו דער האַנט ווי מיר האָבּען היינט. די פעהיגקייטען פון דער קולטורגע מענשענהייט זענען שוין איבּריגענס אין סוף פון יענעם יאהרהונדערט גענוג גרויס געווען. מיר האָבּען נאר געדאַרפט נעמען גרייטע זאַכען און זיי איבּערפּלאַנצען בּיי אונז אין אַלטנייַלאַנד. ווי אַזוי דאס איז געמאַכט געוואָרען וועל איך אייך נאך שפּעטער דערציילען".

דעם לעצטען געדאַנק, אַז אין אַלטנייַלאַנד איז אייגענטליך קיין נייעס ניט געשאַפען געוואָרען, חזר'ט זיך אינ'ם בּיכל גאַנץ אָפט איבּער. ניט אָהן כּוונה איז עס ד"ר הערצל מטעים אַזוי פיעל מאָל.

ער וויל דערמיט זאָגען, אַז זיין פּלאַן דורכצופיהרען איז גאָר ניט אַזוי שווער ווי מע שטעלט זיך פאָר. מע דאַרף גאָר ניט בעשאַפען קיין נייעס; מע דאַרף נאָר דאָס אַלטע, אָבער דאָס בעסטע פונ׳ם אַלטען, פון דער גאַנצער וועלט צונויפצונעמען און דאָס אַלעס איינ־איינעם צונויפשטעלען. דעמאלט בעקומט מען שוין עפּיס נייעס און דאָך אַלטעס, — יעדענפאַלס אָבער דאָס בעסטע און פאָלקאָמענסטע פון דער גאַנצער וועלט.

## XVIII

אונטער דער שטאָדט האָבען זיי דערזעהן צווישען די פאַר־שידענע ווילעס אויפ׳ן כּרמל, הילצערנע הייזלעך אויפ׳ן מאָורישאַ־נישען אופן געבויעט און מיט הילצערנע גראַטעס אויף די פענסטער. ליטוואַק ערקלערט זיי: „דאָ וואוינען עטליכע לייטישע מאַהמעדאַנער אָט איז מיין פריינד רעשיד־בּיי.

פאַר׳ן טויער איז געשטאַנען אַ יונגער שיינער הער פון אַ יאָהר פינף־און־דרייסיג. ביי דער איירָאָפּעאישער קליידונג האָט ער גע־טראָגען אַ רויטע פעסע אויפ׳ן קאָפּ. ער האָט די דורכבּרייזענדע בע־גריסט אויף דער אַרט ווי מע גריסט אין די מזרח־לענדער. דוד האָט איהם עטליכע ווערטער אויף טערקיש געזאָגט, דרויף ענטפערט ער אויף דייטש: „איך ווינש אייך אַ רעכט אַנגענעהמע אונטערהאַלטונג!" קינגסקאָרט וואונדערט זיך אויף דעם דייטשען מאַהמעדאַנער. דוד אָבער ערקלערט איהם שמייכלענדיג: „ער האָט געשטודירט אין בערלין. זיין פאָטער איז געוועזען איינער פון די ערשטע וועלכע האָבען

באַלד אײַנגעזעהן די נוצען פון דעם יודישען ישוב אין ארץ־ישראל, ער האט מיט אונז אינאײנעם געאַרבײט און איז רײך געװאָרען. רעשיד איז אויך אַ מיטגליד פון אונזער נײער געזעלשאַפט.״

אַלע מאָל פרײער עפּענט זיך דער אויסקוק אויף דעם געשלענגעלטען װעג, אויף װעלכען דויד ליטװאַק מיט זײַנע געסט זענען געפאָהרען. פון אײן זײט די שטאָדט און דער פּאָרט חייפה, די ברײטע בוכטע מיט׳ן גאָרטען־קראַנץ און פון דער אַנדערער זײט עכו מיט זײַנע באַרג אויף באַרג אָב. אָט זענען זײ גאַנץ אויבען אויפ׳ן צפון־שפּיץ פונ׳ם כרמל. רעכטס און לינקס, קײן צפון און קײן דרום, ציהט זיך דאָס שײנע לאַנד פּאַלעסטינאַ און פאַר זײ שימערט בלוי און גאָלדיג דער גרויסער ים, אויף װעלכען עס פלאַטערט די װײסע פינע פון די חוואַליעס.

דויד האט געהײסען אָבשטעלען דעם אויטאָמאָביל און איז מיט זײַנע געסט אויסגעשטיגען, כדי זײ בעסער צו װײַזען דאָס גרויס־אַרטיגע בילד. ער װענדעט זיך צו פרידריך׳ן און זאָגט: „איהר זעהט, הער דאָקטאָר, דאָס איז דאָס לאַנד פון אונזערע אבות!״

און פרידריך װײסט ניט פאַר װאָס די אויגען זענען איהם בײַ דיזע װערטער נאַס געװאָרען פון טרערען. נאָר פון דעסטװעגען איז עס געװען אײן אַנדער מין געפיהל, ניט דאָס צװאַנציג יאָהר צוריק אין יענער נאַכט פון ירושלים. דעמאָלט האט ער פאַר זיך געזעהן דעם טויט בעשײַנט פון דער לבנה; אַצינד אָבער אַ פרײהליכעס לעבען. ער באַטראַכט דויד׳ן. װאָס איז געװאָרען פונ׳ם קבצנ׳ישען

יונגעל! אַ פְרַייעֶר, עֶרְנְסְטֶער, גֶעזוּנְטֶער אוּנ גֶעבִּילְדֶעטֶער מַאן, וֶועלְ־כֶער, וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס, שְׁטֵעהט פֶעסְט אוֹיף זַיינֶע פִּיס. דָוִד הָאט אִיהם נָאךְ אַפִּילוּ גָאר נִיט דֶערְצֵייהלְט פוּן זַיין אֵיינֶענֶער לַאגֶע, נָאר עֶר שְׁטוֹיסְט זִיךְ שׁוֹין אָן, אַז עֶס מוּז אִיהם גֶעהן גַאנְץ גוּט, וֶוען עֶר וואוֹהנְט אִין אַזַא גֶעגֶענְד, וואוּ עֶס אִיז לוּיטֶער וִוילֶען אוּנ פַּאלַאצֶען. עֶר מוּז אָבֶער אוֹיךְ זַיין אַיין אַנְגֶעזֶעהֶענֶער בַּעַל־הַבָּיִת, דֶען זַיי הָאבֶּען בַּאמֶערְקְט וִוי אוּנְטֶערְוֶועגֶענְס הָאבֶּען אִיהם פִיעל מֶענְשֶׁען גֶעגְרִיסְט מִיט דֶרֶךְ־אֶרֶץ. אַפִּילוּ עֶלְטֶערֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ מַקְדִים גֶעוֶועזֶען אִיהם צוּ גְרִיסֶען. אַצִינְד שְׁטֵעהט עֶר מִיט אַ מִינֶע פוּל גְלִיק אוֹיף דֶעם שְׁפִּיץ פוּן כַּרְמֶל אוּנ קוּקְט אִיבֶּער לַאנְד אוּנ יָם אַרִיבֶּער. אוּנ עֶרְשְׁט אַצִינְד דֶערְקֶענְט פְרִידְרִיךְ אִין דֶעם פְרַייעֶן מַאן, דֶעם אַמָאלִיגֶען יוּנְגְל פוּן דֶער פֶּעדְלֶער־פַּמִילְיֶע, וֶועלְכֶער הָאט בֶּעשְׁטִימְט זַיין לֶעבֶּענְס אִידֶעאַל אוֹיסְגֶעדְרִיקְט: עֶר וִויל צוּרִיק אִין לַאנְד פוּן זַיינֶע אָבוֹת!

## XIX.

אִין פְרִידְרִיכְסְהֵיים זֶענֶען אוּנְזֶערֶע לַייט אָנְגֶעקוּמֶען נָאךְ בַּיי־צַייטֶען. ס'אִיז גְרִינְג זִיךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען מִיט וָואסֶער אַ פְרֵייד מֶע הָאט זַיי דָארְט אוֹיפְגֶענוּמֶען, אַלְס מֶען אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וֶוער זַיי זֶענֶען. דָוִד'ס פְרוֹי שָׂרָה אוּנ זַיין שְׁוֶועסְטֶער מִרְיָם, וֶועלְכֶע פְרִידְרִיךְ הָאט גֶעזֶעהן נָאךְ אִין דִי וִויקֶעלֶעךְ דַאמָאלְס וֶוען עֶר אִיז בַּיי זַיי גֶעוֶועזֶען צוּ הוֹיז אִין וִויעןְ, הָאבֶּען אַלֶעם אַנְגֶעשְׁטְרֶענְגְט דִי גֶעסְט פַארְגֶעניגֶען צוּ פַארְשַׁאפֶען. אַפִּילוּ דֶער קְלֵיינֶער פְּרִיץ, דָוִד אוּנ שָׂרָה'ס קְלֵיינְץ קִינְד, הָאט אַ פָּנִים דֶערְפִּיהלְט, אַז דָאס זֶענֶען אֱמֶתֶ'ע

פְרַיינְד פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערְן איז הָאט זיך אַזוֹי שְׁטַארְק צוּ זַיי צוּגֶעלָאזְט, אַז דֶער אַלְטֶער קִינְדְסְקָארְט הָאט זיךְ אִין אִיהם פָּשׁוּט פַארְלִיבְּט אוּנ דָאס הָאט אִיהם אוֹיף אַ לַאנְגֶער צַייט פַארְהַאלְטֶען אִין אַלְט-נַיילַאנְד.

בַּיים מִיטָאג הָאט מֶען דִי גֶעסְט רַייךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען אוּנ קִינְדְס-קָארְטֶען הָאבֶּען דִי וַויינֶען גָאר בֶּעזוּנְדֶערְס גֶעשְׁמֶעקְט. נָאךְ מֶעהר אִיז עֶר צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען בְּעֵת מֶע הָאט אִיהם דֶערְצֵייהלְט, אַז דִי אַלֶע וַויינֶען זֶענֶען יוּדִישֶׁע אוּנ טֵיילְוַוייז גָאר פוּן דָוִד'ס אֵייגֶענֶע גֶערְטְנֶער. מִיט דֶעם וַויין-פְּלַאנְצֶען הָאט זִיךְ דָאךְ דִי יוּדִישֶׁע קָאלָאנִיזַאצִיָע אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאךְ אִין דִי אַכְצִיגֶער יָאהרֶען.

מִרְיָם, דִי שְׁוֶועסְטֶער פוּן דָוִד לִיטְוַואק, הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּנ'ם טִישׁ אֵיידֶער דֶער מִיטָאג הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט. פְרִידְרִיךְ הָאט זִיךְ דַארוֹיף גֶעוואוּנְדֶערְט, נָאר דָוִד הָאט אִיהם עֶרְקְלֶערְט: אַז זִי אִיז אַ אַ לֶעהרֶערִין אִין דֶעם מֶעדְכֶען-גִימְנַאזְיוּם אוֹיף עֶנְגְלִישׁ אוּנ פְרַאנְצוֹיזִישׁ. קִינְדְסְקָארְטֶען אִיז דִי תְּשׁוּבָה נִיט גֶעפֶעלֶען. „אַזוֹי ?" מַאכְט עֶר, „דָאס אָרִימֶע קִינְד מוּז שְׁטוּנְדֶען גֶעבֶּען, כְּדֵי דֶערְפוּן דִי חִיוּנָה צוּ צִיהֶען ?" אִין דֶער שַׁאֲלָה אִיז גֶעלֶעגֶען אַ שְׁטִילֶער פָארְוואוּרְף אוֹיף דָוִד'ס אַדְרֶעסֶע.

דָוִד עֶנְטְפֶערְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל: זִי טוּט עֶס נִיט וַוייל זִי מוּז דֶערְפוּן לֶעבֶּען. אִיךְ בִּין נָאךְ, דַאנְקֶען גָאט, בְּכֹחַ מַיין שְׁוֶועסְטֶער אוֹיסְצוּהַאלְטֶען. נָאר זִי טוּט עֶס וַוייל זִי מוּז עֶ ט ו ו ס טוּן, אוּנ עֶפּיס מוּז זִי טוּן וַוייל זִי אִיז אַ מִיטְגְלִיד פוּן אוּנְזֶער נַייעֶ גֶעזֶעלְשַׁאפְט,

אין וועלכע זי האט אַלע רעכטע. אין אונזער געזעלשאַפט האבען די פרויען גלייכע רעכטע מיט די מענער".

„זיי האבען דאס רעכט צו וועהלען אונ אויסגעוועהלט צו ווערען. זיי האבען געאַרבעט מיט אונז געטריי ביים אויפבויען אונזערע איינריכטונגען. זייער בעגייסטערונג האט אונז, די מענער, צוגעגעבען מוט אונ ענערגיע. סע וואלט אַלזא געווען די מיאוס'טע אונדאנק־באַרקייט, ווען מיר זאלען אַצינד אונזערע פרויען אַוועקשטופען אונ פאַרשליסען זיי אין שטוב ביי דעם אויוועז".

„נאטירליך איז ביי אונז קיינער ניט געצוואונגען דווקא אַריינ־צוטרעטען אין דער נייער געזעלשאַפט, ווער סע איז אין איהר שוין אַריינגעטרעטען איז ווידער ניט געצוואונגען זיינע רעכטע אויסצונוצען. די פרוי ביי אונז איז אויך פריי. זי קאן זיך מישען אין פאליטיק. זי מוז עס אָבער ניט. דער חוב פון אַ מוטער ליידט ביי אונז ניט פון דער גלייכבערעכטיגונג פון די פרויען. מיין פרוי צום ביישפיל געהט קיינמאל ניט צו פאַרזאַמלונגען. דרינען איז אָבער שולדיג דער קליינער פריץ".

„זי האט דעם קליינעם אַליין געזויגען אונ דערביי אַביסל פאַר־געסען איהרע רעכטע. פריהער אָבער איז זי געווען פון דער ראַדיקאַלער אָפּאזיציע. איך האב זי אַלזא דערקענט אַלס געגנערין. אַצינד מאַכט זי מיר איין אָפּאזיציע אין דער היים, נאטירליך די אַנגענעהמסטע" — אַזוי פריבאַוועט דוד מיט אַ ווערטל.

דוד ערקלערט ווייטער:

„די פּאָליטיקע בײַ אונז איז אָבער איבּערהױפּט ניט קײן געשעפט־זאַך. װען אײנער װיל זיך מיט זײנע אידעען בענוצען אַלס אַ פּרנסה דערקענט מען איהם באַלד אונ ער װערד איבּעראַל מבוזה. אונזערע געריכטע האָבּען שױן אַ סך מאָל ערקלערט, אַז װען מע זאָגט אײנעם, ער איז אַ פּאָליטיקער פון פּראָפעסיע, איז עס אַ בּע־לײדיגונג. דערפון קאָנט איהר שױן אײנזעהן װי אַזױ מיר קוקען אױף דער פּאָליטיקע".

„עפּענטליכע שטעלעס האָבען מיר פאַרשידענע: שטעלעס פאַר געלד אונ שטעלעס פאַר כּבוד. די שטעלעס אָבער װאָס װערען בּע־צאהלט מיט געלד, גיט מען בײַ אונז אָבער נאָר די, װעלכע פאַר־דיענען עס בּאמת דורך זײערע פעהיגקײטען אין זײער פאַך. אַלערלײ צדדים בּעגעגענען שױן פון אָנהױבּ אָן אַ התנגדות פון יעדען. װידער דאַרפען די בּעצאהלטע פּקידים בּשום אופן ניט מישען זיך בּעת סע װערד עפּענטליך גערעדט װעגען די פראַגען, אין װעלכע זײ זענען פאַראינטערעסירט".

„אַנדערש אָבער איז עס מיט די עהרענשטעלעס. דאַ האָבּען מיר אַ פּשוט׳ען כּלל. װער סע שטופּט זיך אַרױס פון פאָרענט, דעם ריקען מיר שטילערהײט אָבּ אין אַ זײט. מיר בּעמיהען זיך דאַס אמת׳ע פאַרדיענסט צו בּעלױנען, חאָטש סע ליגט ערגעץ פאַרשטעקט אין אַ װינקעל. אױף דעם אופן זענען מיר גאַראַנטירט, אַז אונזערע טײערע געזעלשאַפט זאָל ניט בּערױבּט װערען פון פאַרשידענע געשעפט־זוכערס. אַזױ אי׳ז בײַ אונז הײנט פרעזידענט אַ רוסישער אױנגענדאָקטאָר,

װעלכֶער האָט די שְׁטֶעלֶע זֶעהר נִיט־װִילֶענְדִיג אָנְגֶענוּמֶען, װַייל עֶר האָט גֶעמוּזְט אַװֶעקְלָאזֶען זַיין פְּרַאקְטִיקֶע״.

„װַייזְט אוֹיס, דִי פְּרַאקְטִיקֶע האָט אִיהם פִּיעל אַייְנְגֶעטְרָאגֶען״ — זָאגְט קִינְגְסְקָארְט.

„נֵיין נִיט אַזוֹי פִּיעל״, עֶנְטְפֶערְט דָוִד, „װַייל דֶער עִקָר׳שְׁט אִיז עֶר גֶעװֶען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט אָרִימֶע לַייט״.

דֶער שְׁמוּעֶס גֶעהט אִיבֶּער אוֹיף פַארְזֶעסֶענֶע מֵיידְלֶעךְ אוּנ אוֹיף חֲבְרוֹת פוּן צְדָקָה. דָוִד זָאגְט:

„פַארְזֶעסֶענֶע יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ אַמָאל הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט װָאס צוּ טוּן. הַיינְט אָבֶּער הָאבֶּען זֵיי אַ בְּרֵייט פֶעלְד צוּ אַרְבֵּייטֶען. דִי גַאנְצֶע צְדָקָה־זַאכֶען לִיגֶען בַּיי זֵיי אִין דִי הֶענְט. אוֹיךְ דְרִינֶען הָאבֶּען מִיר קֵיין שׁוּם נַייעֶס נִיט אוֹיפְגֶעטָאן. מִיר הָאבֶּען נָאר דָאס גַאנְץ אַלְטֶע צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט אַ סִיסְטֶעם אוּנ צֶענְטְרַאלִיזִירְט. אַלֶע װָאהלְטֶעטִיגֶע אַייְנְרִיכְטוּנְגֶען, װֶעלְכֶע אִיהר גֶעדֶענְקְט פוּן אֵייְרָאפָּא, גֶעפִינְט אִיהר בַּיי אוּנְז מִיט אַ סִיסְטֶעם בֶּעזָארְגְט. דוּרְךְ אַזַא אַרְט אָרְגַאנִיזַאצִיֶע אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ יֶעדֶען הִילְפְסְבֶּעדִירְפְטִיגֶען בַּאלְד הִילְף צוּ גֶעבֶּען, חָאטְשׁ אִיבֶּערְהוֹיפְּט קוּמְט מֶען בַּיי אוּנְז אָן צוּ צְדָקָה־הִילְף װֶענִיגֶער װִאוּ עֶרְגֶעץ אַנְדֶערְשׁ, װַייל בַּיי אוּנְז אִיז דִי עֶקאנָאמִישֶׁע לַאגֶע גֶעזוּנְטֶער״.

„דָאס אַלֶעס הָאבֶּען מִיר נִיט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט, נָאר דָאס בֶּעקַאנְטֶע אוֹיסְגֶענוּצְט. אִיהר גֶעדֶענְקְט מִסְתָּמָא דִי אַרְבֵּייטְס־הִילְף אוּנ אַרְבֵּייטְס פֶערְמִיטְלוּנְג אִין דֶער אַלְטֶער צַייט. בַּיי אוּנְז הָאט יֶעדֶער

דָאס רֶעכְט אויף אַרְבֵּייט אונ דֶערְמִיט אַלְזָא אויף בְּרויט. דַאגֶעגֶען אָבֶּער אִיז בַּיי אוּנְז יֶעדֶער מְחוּיָב צוּ אַרְבֵּייטֶען. קֵיין בֶּעטְלֶערְס לַיידֶען מִיר בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט. אַ גֶעזוּנְטֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער גֵעהט בֶּעטֶען נְדָבוֹת, וֶוערְד בַּיי אוּנְז פַארְמִשְׁפָּט צוּ דִי שְׁוֶוערְסְטֶע אַרְבֵּייטֶען. וֶוען אָבֶּער אֵיינֶער וֶוערְד קְרַאנְק אוּנ הָאט נִיט פַאר וָואס זִיךְ צוּ קוּרִירֶען, דַארְף עֶר נָאר זִיךְ עֶרְגֶעץ אִין אַ שְׁפִּיטָאל מֶעלְדֶען, וֶוערְד עֶר בַּאלְד צוּגֶענוּמֶען. קֵיינֶעם זָאגְט מֶען נִיט אָב. אַלֶע שְׁפִּיטָאלֶען פוּן דִי שְׁטָאדְט זֶענֶען דוּרךְ טֶעלֶעפָאן פַארְבּוּנְדֶען מִיטִ'ן צֶענְטְרַאלְנֶעם אוּנ אַזוֹי וֶוערְד בַּאלְד בֶּעשְׁטִימְט, וואו עס גֶעפִינְט זִיךְ אַ לֵיידִיג פְּלַאץ דֶעם נַייֶעם חוֹלֶה אוֹיפְצוּנֶעמֶען".

XX.

דָוִד הָאט זַיינֶע גֶעסְט גֶעלָאזְט זִיךְ אַ בִּיסְל אוֹיסְרוּהֶען אונ צְווֵיי־שֶׁען זִיךְ בֶּעוואוּנְדֶערֶען אַלֶעס וָואס זֵיי הָאבֶּען בִּיז אִיצְט גֶעהֶערְט אוּנ גֶעזֶעהֶן.

אוֹיף דֶער נַאכְט אִיז עֶר ווִידֶער צוּ זֵיי גֶעקוּמֶען, אוּנ זֵיי פָארְ־גֶעלֵיגְט צוּ גֵעהֶן אִין טֶעאַטֶער. דֶערְבַּיי וֶוערֶען מִיר גֶעוָואהר אַז אִין אַלְטְנַיילַאנְד גֶעפִינְט מֶען אוֹיסֶער דֶעם נַאצִיאָנַאל־טֶעאַטֶער, וֶועלְכֶעס שְׁפִּיעלְט, וַוייזְט אוֹיס, אִין הֶעבְּרֶעאִישֶׁען, אוּנ אוֹיסֶער דִי פָּאלְקְס־טֶעאַטֶערֶען, אִין וֶועלְכֶע מֶע גִיט לַאכֶענְדִיגֶע זַאכֶען אוֹיף פְּרָאסְט יוּדִישׁ — נָאךְ פַארְשִׁידֶענֶע טֶעאַטֶערֶען פוּן אַלֶע אוּמוֹת. הֶערְצְל ווִיל אַז זַיין אַלְטְנַיילַאנְד זָאל דוּרְכְאוֹיס זַיין אַ קוּלְטוּרְנֶע לַאנְד, אֵיינְ'ם זִין פוּן דִי אֵייְרָאפֵּייֶער.

נָאר אֵיידָער מֶע גֵעהט אִין טֶעאַטֶער לֵיגְט דָוִד פָאר זַיינֶע גֶעסְט אַ צַייטוּנְג, פוּן וָועלְכָער זֵיי דַארְפֶען זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְקְלוֹיבֶען, אִין וָועלְכֶען טֶעאַטֶער זֵיי גְלֵיסְט זִיךְ צוּ גֵעהן. דֶערבַּיי אָבֶער פַארְקַאטְשֶׁעט זִיךְ אַ שְׁמוּעֶס וֶועגֶען צַייטוּנְגֶען, אוּנ דָוִד עֶרְקְלֶערְט צוּ קִינְדְסְקָאִרְטְס עָרְ שְׁטוֹינֶען, אַז אוֹיךְ דִי צַייטוּנְגֶען אִין אַלְטְנַיילַאנְד זֶענֶען אַרְטֶעלְנֶע, הַיְינוּ יֶעדֶער אַבָּאנֶענְט אִיז אַ שׁוּתָּף אִין דֶער צַייטוּנְג מִיט דֶער סוּמֶע פוּן אָבְּצָאהלוּנְג אוּנ אַזוֹי וִוי דִי צַייטוּנְגֶען, וָואס׳ וֶוערֶען פִיעל גֶעלֶעזֶען הָאבֶּען דָאךְ זֵעהר פִיעל מוֹדָעוֹת, עַל־כֵּן קוּמְט אוֹיס, אַז דִי אַבָּאנֶענְ־טֶען בֶּעקוּמֶען אַמָאל נָאכְ׳ן יָאהר צוּרִיק רֶוַח מֶעהר וִוי זֵיי הָאבֶּען אָבְּ־גֶעצָאהלְט פַארְ׳ן בְּלַאט.

דָאס פֶּערְזָאנַאל פוּן דֶער רֶעדַאקְצִיעֶ אִיז נִיט מֶעהר וִוי אַנְגֶע־שְׁטֶעלְטֶע בַּיים אַרְטֶעל, אוּנ דַארְף פַאר דֶעם אַרְטֶעל, דָאס הֵייסְט, פַארְ׳ן לֶעזֶע־פּוּבְּלִיקוּם אָבְגֶעבֶּען דִין וְחֶשְׁבּוֹן וִוי אַזוֹי אוּנ פַאר וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעפִיהרְט דָאס בְּלַאט. אַלֶע יָאהר וֶוערְד צוּנוֹיפְ־גֶערוּפֶען אַיין אֲסֵפָה כְּלָלִית פוּן אַלֶע לֶעזֶער פוּנְ׳ם בְּלַאט. צוּ דֶער אֲסֵפָה שִׁיקֶען לְמָשָׁל טוֹיזֶענְט מִיטְגְלִידֶער אַיין דֶעלֶעגַאט, אוּנ דִי דֶע־לֶעגַאטֶען בֶּעקְלֶערֶען שׁוֹין אַלְסְדִינְג וָואס גֶעהֶער צוּ דִי אִינְטֶערֶעסֶען פוּנְ׳ם בְּלַאט, בֶּעשְׁטִימְט זַיין גַאנְג אוֹיפְ׳ן קִינְפְטִיגֶען יָאהר אוּנ קְלוֹיבְּט אוֹיס דִי רֶעדַאקְצִיעֶ אוֹיף אַ יָאהר פָארְאוֹיס.

דוּרְךְ אַזַא אַיינְרִיכְטוּנְג בֶּעקוּמְט דָאס צַייטוּנְגְס־וֶועזֶען אַזַא וַוייטֶע אוֹיסְבְּרֵייטֶערוּנְג, וָועלְכֶע אִיז אִין דִי אַמָאלִיגֶע צַייטֶען גָאר נִיט מֶעגְלִיךְ גֶעוֶוען. דָאקְטָאר הֶערְצְל וִויל אָבֶער בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט, אַז אִין אַלְטְנַיי־

לאַנד זאָל זײַן עפּיס אַזוינס, אין וועלכען מע קאָן מסופּק זײַן צי ס'איז מעגליך דורכצופיהרען. ער פאַרטאַפּט דעריבער תּיכּף אָנצומערקען, אַז די אידעע פון אַרטעלנע צײַטונגען איז גאָר פון דרויסען נײַ. אינ'ם שורש אָבער האָט זי שוין געהאַט אײַן התחלה בײַ די אײראָפּײאישע צײַטונגען, וועלכע האָבען דעם רוח געטײלט מיט זײערע אַבּאָנענטען דורך דעם וואָס זיי האָבען אַלע יאָהר געגעבען הוספות און געמאַכט גרעסער און בּיליגער דאָס בּלאַט.

סע פאַרשטעהט זיך שוין פון זיך, אַז אין אַלטנײַלאַנד זענען אויך אײַנגעריכטעט די טעלעפאָן-צײַטונגען. דאָס הײסט אַזוינע צײ־טונגען, וואָס דרוקען זיך ניט אויף פּאַפּיער, נאָר פאַרלעזען זיך אין אַ טעלעפאָן-אַפּאַראַט און דער לעזער דאַרף נאָר צוליעגען צום אויער אַ ריהרל פונ'ם טעלעפאָן, הערט ער שוין אַלע נײַעסען, הן פון פּאָליטיק, הן פון בערזען-ידיעות והן פון ליטעראַטור און קונסט. אַפילו די מודעות פון סוחרים ווערען דאָרט פאַרלעזען און ס'איז זעלבּסט־פאַרשטענדליך, אַז פאַר אַזוינע מודעות צאָהלען די סוחרים פיעל טײַערער, ווײַל די הערער פון דער צײַטונג מוזען דאָך הערען די מודעות, וועלכע ווערען פאַרלעזען צווישען אַנדערע נײַעסען.

אויף דעם אופן מאַכט דיזע צײַטונג גלענצענדע געשעפטען, און איז מסתּמא אויך אײַן אַרטעלנע, פון אַלע אַבּאָנענטען אויף די טעלעפאָן-רײהען.

די טעלעפאָן-צײַטונגען מוזען אָבער דאָך האָבען זײערע בּע־זונדערע טעלעפאָן-דראָהט-ליניען איבער'ן שטאָדט. אין אַלטנײַלאַנד

אָבָער גֵעהָען אַלֶע דְרָאהטֶען פוּן טֶעלֶעפָאן, טֶעלֶעגְרַאף אוּנ עֶלֶעק־טְרִיטְשֶׁעסְטְוֶוע אוּנְטֶער דֶער עֶרְד. דִי אִינְזְשִׁינִירֶען וָואס הָאבֶּען גֶע־בּוֹיעֶט דִי שְׁטֶעדְט הָאבֶּען דָאס פְרִיהֶער אִין זִינֶען גֶעהַאט אוּנ צוּגֶעגְרֵייט אוּנְטֶער דֶער עֶרְד אַ גַאנְצֶע סִיסְטֶעמֶע פוּן רֵייהֶרֶען, דוּרְךְ וֶועלְכֶע מֶען זָאל דוּרְכְפִּיהְרֶען אַלֶערְלֵיי דְרָאהטֶען, כְּדֵי מֶע זָאל נִיט נֵייטִיג הָאבֶּען יֶעדֶעס מָאל אוֹיפְבְּרֶעכֶען דִי בְּרִיקֶען פוּן דִי גַאסֶען. הַיינְט אַז דִי טֶע־לֶעפָאן־צַייטוּנְג מוּז אָנְקוּמֶען צוּ דֶער שְׁטָאדְט, מֶען זָאל אִיהר לָאזֶען לֵעגֶען אִיהרֶע דְרָאהטֶען, בֶּעצָאהלְט זִי טַאקִי דֶער שְׁטָאדְט אַ שֵׁענֶעם גַאלָאג, וֶועלְכָער גֵעהט אוֹיף כְּלַל־זַאכֶען.

## XXI.

סֶע אִיז עֶנְדְלִיךְ גֶעבְּלִיבֶּען מֶע זָאל גֵעהן אִין דֶער אָפֶּער וִוי מֶע גִיט הַיינְט דִי שְׁפִּיעל: „שַׁבְּתַי־צְבִי“.

דִי גֶעסְט זֶענֶען מְסוּפָּק צִי מֶע וֶועט נָאךְ הָאבֶּען בִּילֶעטֶען. נָאר דָוִד בֶּערוּהִיגְט זֵיי, אַז עֶר הָאט אַ שְׁטֶענְדִינֶע לָאזְשֶׁע, וַוייל אוֹיךְ דָאס טֶעאַטֶער אִיז אִין אַלְטְנֵיילַאנְד אַרְטֶעלְנֶע.

אִין טֶעאַטֶער פָאהרֶענְדִיג, טְרֶעט דִי קָאמְפַּאנִיֶע אָפּ אִין אַ גְרוֹיס וַוארֶענְהוֹיז, כְּדֵי צוּ קוֹיפֶען פַאר דִי גֶעסְט וַוייסֶע הַאנְטְשׁוּהֶען, וִוי דִי מָאדֶע פָאדֶערְט. דֶערְבַּיי פַארְוִויקֶעלְט זִיךְ אַ לַאנְגֶער שְׁמוּעֶס וֶועגֶען דֶעם גְרוֹיסְהַאנְדֶעל בִּכְלַל אוּנ דָוִד עֶרְקְלֶערְט, אַז אִין אַלְטְנֵיילַאנְד הָאט מֶען פוּנְ'ם אָנְהוֹיבּ אָן נִיט צוּגֶעלָאזֶען דִי עֶנְטְווִיקְלוּנְג פוּן קְלֵיין־הַאנְדֶעל. מֶע הָאט ח"ו קֵיינֶעם נִיט גֶעשְׁטֶערְט, נָאר מֶע הָאט פוּן לְכַתְּחִלָּה אָן בַּאלְד גֶעגְרִינְדֶעט דִי גְרוֹיסֶע וַוארֶען־הַייזֶער, וֶועלְכֶע קוֹיפֶען:

אָפּ בּיי דִי פַאבְּרִיקַאנְטֶען זַייעֶרֶע סְחוֹרוֹת אִינְ׳ם גְרֶעסְטֶען מַאסְשְׁטַאבּ אוּנ פַארְשִׁיקֶען זַיי אַפִּילוּ אִין דִי וַוייטְסְטֶע שְׁטֶעדְטְלֶעךְ דוּרְךְ זַייעֶרֶע יוֹא־אַזְשָׁארֶען אוּנ אַגֶענְטֶען. דֶער קְלֵיינֶער עוֹלָם הָאט דֶערִיבֶּער בַּאלְד אַיינְגֶעזֶעהן, אַז פַארְפִיהרֶען אַ קְלֵיין גֶעשֶׁעפְטְל הָאט נִיט קַיין שׁוּם רֶעכְנ, אַז ווּאוּהִין דֶער קְלֵיינֶער סוֹחֵר וֶועט קוּמֶען, טְרֶעפְט עֶר שׁוֹין ־יהֶער אַ פְּרַייזְקָאַרַאנְט פוּן אַ גְרוֹיסֶען וַוארֶען־הוֹיז מִיט מוּסְטֶערֶען, זוֹי אַז דִי פְּרַייזֶען זֶענֶען שׁוֹין גֶענוּג בִּילִיג אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ אִיהם בְּלַייבְּט נִיט וָואס צוּ טוּן. דֶערְפַאר הָאט זִיךְ קֵיינֶער נָאר פוּן אָנְהוֹיבּ אָן נִיט גֶענוּמֶען צוּ דֶעם קְלֵיין־הַאנְדֶעל אוּנ מִיר הָאבֶּען פַארְהִיט, אַז מִיר זָאלֶען אִין אַלְטְנַייְלַאנְד אוֹיךְ נִיט וֶוערֶען קַיין קְרֶעמֶער־פָאלְק, ווִי מִיר זֶענֶען גֶעוֶוען אִין גָלוּת.

דָוִד פְרֶעגְט דִי פֶּערְקֵייפֶּערִין: וָואס קָאסְט דִי 2 פָּאר הַאנְטְשׁוּהֶען? זֶעכְּס שֶׁקֶל, עֶנְטְפֶערְט זִי אוּנ דָוִד גִיט אַ גָאלְדֶענֶע מַטְבֵּעַ, פוּן וָועלְכֶע עֶר בֶּעקוּמְט רֶעשְׁט עֶטְלִיכֶע זִילְבֶּערְנֶע.

וָואס אִיז עֶס פַאר גֶעלְט? פְרֶעגְט קִינְגְסְקָארְט.

דֶער יוּדִישֶׁער שֶׁקֶל, עֶנְטְפֶערְט עֶר אִיהם. אַזוֹי פִיעל ווִי אַ פְרַאנְק. מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע אַלְטֶע מַטְבֵּעוֹת אַיינְגֶעפִיהרְט.

אִיהר הָאט אַלְזָא דָאס גֶעלְט נִיט אָבְּגֶעשַׁאפְט זָאגְט קִינְגְסְקָארְט מִיט אַ שְׁטֶעכְווֶערְטֶעל, סֶע וָואלְט טַאקִי פוּן אַייךְ גֶעוֶוען אַ חִדוּשׁ.

דָוִד אָבֶּער אִיז שׁוֹין גֶעוואוֹהנְט גֶעוָוארֶען מִיט קִינְגְסְקָארְטְס אוֹיסְדְרוּקֶען אוּנ הָאט זִיךְ נִיט בֶּעלֵיידִיגְט, נָאר מִיט דֶעם זֶעלְבֶּען טָאן גֶעעֶנְטְפֶערְט: נֵיין, הֶער קִינְגְסְקָארְט, פוּנְ׳ם גֶעלְד הָאבֶּען מִיר אוּנְז נִיט

גֶעקָאנְט אָבְּשַׁיידֶען, עֶרְשְׁטֶענְס וַוייל מִיר זֶענֶען רוּחַ׳יש גֵייצִינֶע יוּדֶען אוּנ צְוֵייטֶענְס וַוייל דָאס גֶעלְד אִיז וִוירְקְלִיךְ אַ מַייָערֶע זַאךְ. סֶע זָאל גִיט זַיין וָאלְט מֶען עֶס גֶעמוּזְט אוֹיסְטְרַאכְטֶען.

יוּנְגֶערְמַאן! אִיהר רֶעדְט פוּן מַיין נְשָׁמָה אַרוֹיס, עֶנְטְפֶערְט קִינְנְס־קָארְט עֶנְטְצִיקְט, דָאס הָאבּ אִיךְ תָּמִיד גֶעזָאגְט: דָאס גֶעלְד אִיז אַ גוּטֶע אוּנ אַ שֵׁיינֶע זַאךְ, נָאר דִי מֶענְשֶׁען הָאבֶּען עֶס פַארְדָארְבֶּען!

XXII.

אִין טֶעאַטֶער זֶענֶען זֵיי גֶעקוּמֶען שׁוֹין אִין מִיטֶען. פְּרִידְרִיךְ הָאט דָארְט דֶערְזֶעהֶן בֶּעקַאנְטֶע פְּנִימֶ׳ער — דָאס אִיז גֶעוֶוען דִי אַלְטֶע וִויע־נֶער קָאמְפַּאנִיֶע: דִי לַאשְׁנֶערְס, שִׁיפְמַאן אוּנ זַיין אַמָאלִיגֶע גֶעלִיבְּטֶע עֶרְנֶעסְטִינֶע לֶעפְלֶער, הַיינְט פְרוֹי ווַיינְבֶּערְגֶער אוּנ אִיהר טָאכְטֶער. עֶרְ־נֶעסְטִינֶע אִיז אִין דֶער צַייט גֶעווָארֶען אַ גְרַאנְד־דַאמֶע מִיט אַלֶע פִּישְׁטְשֶׁעווְקֶעס אוּנ פְּרִידְרִיךְ הָאט גֶעמוּזְט זִיךְ נָאר וואוּנְדֶערֶען, ווֶעמֶען הָאט עֶר דָא אַזוֹי לִיבּ גֶעהַאט, אַזְש צוּלִיבּ אִיהר זִיךְ אָבְּצוּזָאגֶען פוּנ׳ם לֶעבֶּען. וּבִפְרַט אַז עֶר הָאט זִי פַארְגְלַייכְט מִיט דֶער וִוירְקְלִיךְ לִיבֶּענְס־ווִירְדִיגֶער מִרְיָם, דָוִד לִיטְוַואקְס שְׁוֶועסְטֶער.

דֶער מְחַבֵּר ווִיל אִין דִי אַסִימִילַאנְטֶען זִיךְ אִין גַאנְצֶען נוֹקֵם זַיין אוּנ עֶר דֶערְצֵייהלְט אוּנְז, אַז עֶרְנֶעסְטִינֶען גֵעהט דִי צַייט זֶעהר גִיט אַמְבֶּעסְטֶען אוּנ זִי מוּז צֵי׳טֶ׳נְווייז זִיךְ בֶּענוּצֶען מִיט שִׁיפְמַאנ׳ס שְׁטִיצֶע. אָפְשַׁר ווִיל דֶער מְחַבֵּר אוּנְז דֶערְמִיט זָאגֶען, אַז יוּדִישֶׁע עֲשִׁירוּת אִין גָלוּת הָאט נִיט קֵיין חִזוּק אוּנ דֶער גֶעכְטִיגֶער „מִיטְשֶׁע׳ דֶער פִירְמַא" קָאן מָארְגֶען זַיין אַ פָּשׁוּטֶ׳ער קַבְּצָן.

דָוִד לִיטְוואַק בֶּעמֶערְקְט דֶערְבֵּיי, אַז די לַאשְׁנֶערְ׳ס אוּנ זֵייעֶר גְלַייכֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעשְׁפֶּעטט פוּנ׳ם צִיוֹנִיזְם, קוּמֶען הַיינְט אַהֶער קַיין פַּאלֶעסְטִינַא זֵעהר גֶערְן, ווַייל זֵיי גֶעפִינֶען דָא אַלֶע בֶּעקְוֶועמְלִיכְקֵייטֶען ווִי אִין די גְרוֹיסֶע אֵייְרָאפֵּייאִישֶׁע שְׁטֶעדְט, נָאר די נַייעֶ גֶעזֶעלְשַׁאפְט קוּקְט אוֹיף זֵיי מִיט פַארְאַכְטֶען, אַזוֹי ווִי זֵיי זֶענֶען עֶס וֶוערְט. די מִיטְגְלִידֶער פוּן דֶער נַייעֶר גֶעזֶעלְשַׁאפְט וֶוערֶען נִיט בָּטֵל פַאר גְבִירִים; זֵיי גֶעבֶּען אָפּ כָּבוֹד נָאר טִיכְטִיגֶע מֶענְשֶׁען, דַארוּם הָאט אַ מִין לַאשְׁנֶער דָא קַיין וֶוערְט נִיט. גֶעווִיס אִיז עֶר פְרַיי צוּ לֶעבֶּען ווִי עֶר ווִיל, נָאר די גֶעזֶעלְשַׁאפְט קוּקְט אוֹיף אִיהם ווִי אוֹיף אַ פְרֶעמְדֶען.

## XXIII.

אִין דֶער אָפֶּערֶע דֶערְוַוייל גֵעהט שַׁבְּתַי-צְבִי. די סְצֶענֶע שְׁטֶעלְט פָאר דֶעם פַאלְשֶׁען מָשִׁיחַ, ווִי עֶר צִיהט צוּ זִיךְ צוּ מַאסֶען יוּדֶען, וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען אִין אִיהם. פְרִידְרִיךְ בֶּעמֶערְקְט:

„סֶע אִיז אָבֶּער מֶערְקְווִירְדִיג, וָואס אַזֶעלְכֶע שְׁווִינְדְלֶער הָאבֶּען תָּמִיד גֶעפוּנֶען גְלוֹיבֶּען אִין פָאלְק“.

דְרוֹיף עֶנְטְפֶערְט דָוִד: „דָאס אִיז לַייכְט צוּ פַארְשְׁטֶעהן. נִיט דָאס פָאלְק הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין זֵייעֶרֶע דִבּוּרִים, נָאר פַארְקֶעהְרְט, זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט וָואס דָאס פָאלְק הָאט גֶעגְלוֹיבְּט. זֵיי זֶענֶען אַ פְּרָאדוּקְט פוּן דֶער פָאלְקְס-נְשָׁמָה, וֶועלְכֶע הָאט אִין דֶער גַאנְצֶער לַאנְגֶער צַייט פוּנ׳ם גָלוּת אוֹיף קַיין מִינוּט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גְלוֹיבֶּען, אַז סֶע וֶועט זִיךְ אַמָאל צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען אִין זַיין פַאטֶערְלַאנְד. נָאר דָאס פָאלְק אִיז נִיט אִימְשְׁטַאנְד גֶעוֶועזֶן צוּ פַארְשְׁטֵעהן אוֹיף וֶועלְכֶען אוֹפֶן סֶע קָאן

דיזער גלויבען פארווירקליכט ווערען. דרום האט עס געגלויבט יעדען משיח־שקר, וועלכער האט איהם צוגעזאגט די ישועה. ערשט אינ'ם סוף פון ניינצעהנטען יאהרהונדערט בעת אלע אנדערע פעלקער האבען אנגעהויבען זיך אליין צו דערפיהלען, איז אויך אונזער פאלק דערנאנגען, אז זיין הילף ליגט אין זיינע אייגענע הענט און אזוי האט זיך דאס יודישע פאלק אויפגעהויבען".

צווישען צווייטען און דריטען אקט, קומט צו זיי אין דער לאזשע דער דאקטאר ווערקין, דער סעקרעטער פונ'ם פרעזידענט און בעט זיי אינ'ם נאמען פונ'ם פרעזידענט צו איהם אין דער לאזשע, סע שטעלט זיך ארויס, אז פרעזידענט פון דער נייער געזעלשאפט איז דער אלטער רוסישער אויגענדאקטאר, אייכענשטאם, מיט וועלכען זיי האבען זיך בעגעגענט צוריק מיט 20 יאהר ביי די חורבות פונ'ם כותל מערבי און אצינד האט ער זיי ווידער דערקענט און האט זיי געוואלט בעגריסען.

דער פרעזידענט דאקטאר אייכענשטאם איז אצינד שוין א גרייז־גרויער מאן. פאר אונזער פאלק, זאגט ער, איז איצט די בעסערע צייט פאר מיר אליין אבער איז דעמאלט געווען די בעסערע, ווייל איך בין געווען יונג און קרעפטיג, איצט אבער בין איך אלט און שוואך. דאך מוזען מיר מיט אלעם צופרידען זיין, וואס סע מוז זיין...

פון די דבורים מיט'ן פרעזידענט און זיין טאכטער ווערען אונ־זערע לייט געוואהר, אז אין פאלעסטינע האט די מעדיצין דערלאנגט א זעהר הויכע שטופע. אז פון ארץ ישראל ווערד פארשפרייט די

בְּרָכָה פוּן מֶעדִיצִינִישֶׁער הִילְף אִין אַלֶע אַרוּמִיגֶע לֶענְדֶער אוּנ אַז בֶּע־
זַאנְדֶערְס בֶּערִיהמְט אִיז דָאס בַּאקְטֶעדִיאָלָאגִישֶׁע אִינְסְטִיטוּט פוּן
פְּרָאפֶּעסָאר שְׁטַיינֶעק, דֶער בְּרוּדֶער פוּנ'ם אַרְחִיטֶעקְטָאר שְׁטַיינֶעק, —
וֶועלְכֶעס אִיז כְּדַאי צוּ זֶעהן. דָוִד זָאגְט זַיי צוּ מִיט דֶעם בֶּערִיהמְטֶען
מַאן זַיי נָאךְ צוּ בֶּעקֶענֶען, דֶער פְּרֶעזִידֶענְט בֶּעט נָאךְ לִיטְוַואקֶען, אַז
וֶוען עֶר וֶועט מִיט זַיי קוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, זָאל עֶר זַיי צוּ אִיהם בְּרֶענְ־
גֶען אוּנ דֶערְמִיט גִיט עֶר זַיי דִי הַאנְט אַלְס סִמָן, אַז דִי אוֹדִיֶענְץ אִיז
גֶעעֶנְדִיגְט.

אַוֶועקְגֶעהֶענְדִיג פוּנ'ם פְּרֶעזִידֶענְט שְׁרַייבְּט קִינְגְסְקָארְט אוּיס:

„אַייֶער פְּרֶעזִידֶענְט וַוייזְט אוּיס אַ גַאנְץ עֶהרְלִיכֶער יוּנְג, נָאר
אַ בִּיסֶל שׁוין צוּ אַלְט. פַאר וָואס הָאט אִיהר גְרָאד אִיהם אוּיסְגֶעקְלִי־
בֶּען ?"

„דָאס קָאן אִיךְ אַייךְ זָאגֶען מִיט אֵיין וָוארְט", עֶנְטְפֶערְט אִיהם
דָוִד, „מִיר הָאבֶּען אִיהם אוּיסְגֶעקְלִיבֶּען דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט נִיט
גֶעוָואלְט".

„אָהָא, דָאס אִיז נָאךְ שֶׁענֶער!"

„יָא, מִיר הָאבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים בֶּעקוּמֶען אַ כְּלַל: דֶעם
כָּבוֹד דַארְף מֶען גֶעבֶּען דֶעם, וֶועלְכֶער אַנְטְלוֹיפְט פוּן אִיהם".

## XXIV

אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם אִיז אוּנְזֶער קָאמְפַּאנִיֶע, דִי פַאמִילִיֶע לִיטְ־
וַואק מִיט אִיהרֶע גֶעסְט, אַיינְגֶעשְׁטִיגֶען אִין אַ גְרוֹיסֶען מָאטָאר־וָואגֶען,
אוּם צוּ פָאהרֶען קַיין טְבֶרְיָה צוּ דָוִד'ס עֶלְטֶערְן אוֹיף פֶּסַח.

קינגסקאָרט האָט ווי זיין טבע איז געווען זיך געוועלטעלט איבער דעם גראָיסען וואָגען און האָט איהם גערופען „נח׳ס תיבה״. דוד האָט איהם ערקלערט אַז זיי וועלען פאָהרען צוזאַמען עלף פּאַסאַזשירען און אַז ער האָט בכיוון גענומען אַ מאָטאָר װאָס זיי וואָלטען געקאָנט פאָהרען מיט׳ן באהן, כדי בעסער צו קאָנען בע־טראַכטען די געגענד, דאָס בליהענדע יודישע לאַנד.

פאָהרענדיג האָבען זיי אויפגענומען אין וואָגען רעשיד ביי דעם אַראַבער און אַרכיטעקטאָר שטיינעק. דוד האָט זיי ביידע איינגעלאַדען צום סדר צו זיינע עלטערן פון טבריה.

דער שליאַך, אויף וועלכען זיי זענען געפאָהרען, האָט אַלע מאָל ביי אונזערע פרעמדע אַרויס גערופען פאַרוואונדערונג און ערשטוינען די בעוועגונג איז נאַטירליך געווען שוואַכער ווי אין שטאָדט, דאָך איז עס געווען זעהר לעבעדיג. מאָטאָר־וואָגען און וועלאָסיפּעדען, פוס־געהער און רייטער, טייל אין אַראַבישער טראַכט און טייל אין אייראָפּייאישער קליידונג זענען געפלויגען הין און צוריק איבער דעם גלאַט געפלאַסטערטען וועג. פון ביידע זייטען קליינע הייזער און גערטנער, ווייטער אַ הין פאַרזעהטע פעלדער און גרינע לוגען און ביי דער זייט — אַ שורה פון סטאָלבים מיט דראָהטען געצויגען.

קינגסקאָרט האָט בעמערקט אַז פון די סטאָלבים זענען געצויגען אַלע מאָל צוויי־דראָהטען אין יעדעם שטובל אַריין. „איז עס טעלע־פאָן־דראָהטען״, פרעגט ער, „און ווער וואוינט דא אין די שטובליך?״

דא וואוינען מעהרסטענטיילס בעלי־מלאכות, קלערט איהם

רָעשִׁיד בַּיי אוֹיף, דָאס אִיז לְמָשָׁל אַ דָארְף פוּן גָאלֶע שׁוּסְטֶער אוּנ דוּרְךְ דִי דְרָאטֶען פִיהְרְט מֶען זַיי צוּ דִי עֶלֶעקְטֶערִישֶׁע קְרַאפְט צוּ זַייעֶרֶע מַאשִׁינֶען. דִי קְרַאפְט גֶעהט פוּן פַארְשִׁיעדֶענֶע עֶלֶעקְטְרִיצִיטֶעטְס־סְטַאנְצִיעֶס, פוּן דִי רִיטְשְׁקֶעס בַּיים בַּארְג חֶרְמוֹן אוּנ לְבָנוֹן אָדֶער פוּנ׳ם קַאנַאל בַּיים טוֹיטֶען יַם.

דִי בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת דָא עֶרְקְלֶעְרְט ווייטֶער דָוִד, זֶענֶען הַאלְבּ עֶרְד־אַרְבֵּייטֶער הַאלְבּ הַאנְדְוֶוערְקֶער. בַּיי בֵּיידֶערְלֵיי זֶענֶען זַיי פַארְבּוּנְדֶען אִין אַרְטֶעלֶען. זַייעֶרֶע סְחוֹרוֹת פַארְקוֹיפְט דֶער אַרְטֶעל צוּ דִי גְרוֹיסֶע וַוארֶענְהַייזֶער אוּנ עֶקְסְפָּארְטֶערֶען. דָאס זֶעלְבֶּע אִיז מִיט זַייעֶרֶע לַאנְד־וִוירְטְשַׁאפְט.

דֶער עֶרֶךְ צְוִוישֶׁען פֶעלְדְאַרְבֵּייט אוּנ מְלָאכָה אִיז נִיט אִין יֶעדֶען דָארְף גְלַייךְ. דִי דֶערְפֶער וָואס זֶענֶען נֶעהֶענְטֶער צוּ דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט פִיהְרֶען הוֹיפְּטְזֶעכְלִיךְ הַאנְדְוֶוערְק אוּנ פֶעלְד־אַרְבֵּייט אִיז אַ בַּיי־זַאךְ, אַזוֹי אַז פוּן דֶער עֶרְד צִיהֶען זַיי נָאר דָאס נַייטִיגְסְטֶע פַאר זִיךְ אַלֵיין. דַאגֶעגֶען בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ דִי ווייטֶער דֶערְפֶער מֶעהְרְסְטֶענְטֵיילְס מִיט עֶרְד אַרְבֵּייט. הוֹיפְּטְזֶעכְלִיךְ פְלַאנְצְט מֶען פַארְשִׁיעדֶענֶע טֵייעֶרֶע פְרוּכְטֶען, וֶועלְכֶע מֶע שִׁיקְט מִיט דֶער בַּאהן אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אַרַיין, קֵיין פַּארִיז, בֶּערְלִין, מָאסְקוֹי, פֶּעטֶערְבּוּרְג, אַזוֹי זֶענֶען אוּנְזֶערֶע דֶערְפֶער צֶעשְׁפְּרֵייט אִינ׳ם גַאנְצֶען בְּלִיהֶענְדֶען לַאנְד, ווי לְמָשָׁל דָא ווייטֶער אִינ׳ם טְהָאל פוּן יִזְרְעֶאל. נָאר אִיהר זָאלְט זִיךְ נִיט פָאר־שְׁטֶעלֶען אוּנְזֶערֶע דֶערְפֶער ווי אַ מָאל דִי פַארְשְׁמוּצִיגְטֶע נֶעסְטֶען פוּן בּוֹיעֶרֶען. אִיהר וֶועט נָאךְ הַיינְט מִיט אוּנְז אָנְקוּקֶען אַ יוּדִישׁ דָארְף

וועלכעס איז א טיפ פון דעם נייעם דארף וואס די נייע געזעלשאפט האט אויפגעבויעט איבער גאנץ פאלעסטינע, פון מזרח אונ מערב־זייט פונ'ם ירדן.

זיי האבען געדארפט איבערפאהרען א בריק איבער'ן כישון, דער וואגען איז געלויפען שנעלער צווישען די שענע גערטנער פון לימונעס אונ מאראנצען. די רויטע אונ געלע פרוכטען האבען געלויכטען פון די בלעטער ארויס. קינגסקארט שרייט אויס ענטציקט: לאז מיך דער גיט גוטער געמעי ווען דאס איז ניט איטאליע!

קולטור איז אלעס ברומט שטיינעק, מיר יודען האבען אהער געבראכט די קולטור.

האט קיין פאראיבעל ניט, זאגט רעשיד מיט א שמייכעל, דיזע קולטור איז שוין פריהער אויך געווען. נאך מיין פאטער האט דא גע־פלאנצט אראנזשען א גרויסע צאהל. דאס ווייס איך בעסער פון אונזער פריינד שטיינעק דען אט דא איז מיין פאטערס גארטען אצינד מיינער.

איך וועל ניט לייקענען, ענטפערט שטיינעק. איהר האט שוין פאר אונז געהאט באיארען, אבער איהר האט פון זיי ניט געקאנט מאכען קיין ווערט. ערשט אז מיר זענען געקומען האט אלעס בעקו־מען א ווערט.

דאס איז אמת, ענטפערט רעשיד. דורך אייער קומען אונ דורך די נייע פארקעהרס־וועגען האט זיך דער עקספארט צעהן מאל אזוי פיעל פארגרעסערט אונ אונזערע פלאנצונגען האבען בעקומען א ווערט אויפ'ן מארק.

„איין פְרַאגֶע, רֶעשִׁיד בַּיי!" װענדעט זיך ‏.קינגסקארט צום אַראַ־בֶּער. די הערען װעלען מיר ‏.קיין פַּארִיבֶּעל ניט האבען. אַז די יודען האבען אַהער אַיינגעוואנדערט זענען די פריהערִיגֶע אַיינוואוהנער ניט געגאנגען צו גרונד? איך מיין בכלל, דאן אַז אַיינציגע מענשען האבען זיך גוט געמאכט איז נאך ‏.קיין ראיה ניט.

„חס ושלום!" ענטפערט רעשיד. „אדרבא פאר אונז אַלֶע איז דאס געװען אַ ישועה. ערשטענס נאטירליך פאר די בעלי־בתים װעלכע האבען פאר זייערע פלעצער אבגענומען הויכע פרייזען בַּיי דער נייער געזעלשאפט, סיידען װען עמיצער האט ניט געוואלט פארקויפען מחמת ער האט געהאפט שפעטער נאך אַ בעסערען פרייז צו בעקומען. איך פאר מיר האב ניט געוואלט װארטען און האב מיין ערד פארקויפט דער נייער געזעלשאפט, װייל איך האב מיך אַזוי בעסער אויסגערעכענט."

„איהר האט דאך ערשט געזאגט אַז די גערטנער זענען אייערע?"

„בפירוש! נאכדעם װי איך האב זיי פארקויפט דער נייער גע־זעלשאפט, האב איך זיי װידער פון איהר געדונגען אויף אַרענדע."

„װאס־זשע האט איהר געדארפט פריהער פארקויפען?"

„פאר מיר איז אָבער װיכטיגער געװען אריין צו טרעטען אין דער נייער געזעלשאפט, און די מיטגלידער פון דער נייער געזעל־שאפט טארען ניט האבען ‏.קיין פריוואט־אייגענטום."

„פרידריכסהיים איז אַלזא ניט אייערס?", פרעגט פרידריך בַּיי ליטוואקען.

ידי ערד ניט. איך האב זי נאר געדונגען ביז צום יובל־יאהר, אזוי ווי פריינד רעשיד זייגע גערטנער".

„יובל־יאהר? איך בעט אייך, ערקלערט מיר דייטליכער, סע שיינט מיר, אז איך האב דארט אויף מיין אינזעל ווירקליך פיעל פארשלאפען".

„דאס יובל־יאהר איז ניט קיין נייעס. ס'איז איין אלטע איינ־ריכטונג פון משה רבנו, אז נאך זיבען מאל זיבען יאהר, אלזא אויף יעדען פינפציגסטען יאהר, קעהרט זיך די פארקויפטע ערד ווידער אום צו איהר פריהריגען אייגענטימער. מיר האבען דאס נאר אויף אזוי פיעל איבערגעאנדערשט, אז סע קעהרט זיך אום ניט צום פארקויפער, נאר צו דער נייער געזעלשאפט, ווייל זי אליין, דאס הייסט דער כלל ישראל איז דער אייגענטימער פון דער ערד. אויף דעם וועג זענען מיר געזיכערט, אז די ווערט־פארמעהרונג פון דער ערד פאלט ניט אריין צו יחידים נאר צום כלל".

קינגסקארט דערמאהנט, אז שוין אין לאנדאן פלעגען מענשען בויען הייזער אויף פרעמדער ערד, וועלכע זיי האבען פאר ארענדעוועט אויף 99 יאהר... ער וויל אבער געוואהר ווערען ווי אזוי איז פארגע־קומען מיט די איינוואהנער, וואס האבען ניט געהאט קיין פארמעגען.

„דיעזע שאלה, ענפערט רעשיד, פארענטפערט זיך פון זיך אליין: די וואס האבען גאר ניט פארמאגט האבען דאך גאר ניט געהאט צו פארלירען נאר געוואונען, זיי האבען פון דער יודישער איינוואנדערונג ווירקליך געוואונען: ארבייטסגעלעגענהייט און פרנסה. ס'איז אויף דער

וָועלְט נִיט גֶעוָוען קֵיין אָרֶעמֶערֶעס אוּנ דָערְשְׁלָאגֶענֶערְס וִוי אַיין אַרַאבִּישׁ דָאְרף אִין פַּאלֶעסְטִינַא אֵיידֶער דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען... אִיצְט אִיז עֶס אִין גַאנְצֶען אַנְדֶערְשׁ. פוּן דֶער גְרוֹיסַארְטִינֶען אַיינְ־וַואנְדֶערוּנְג הָאבֶּען מִיר אַלֶע פַּארְדִיענְט. אַפִילוּ דִי אַרַאבֶּער, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט אַנְגֶעשְׁלָאסֶען דֶער נַייעֶר גֶעזֶעלְשַׁאפְט, הָאבֶּען בַּיי אִיהר גֶעקְרִיגֶען אַרְבֵּייט. בְּעֵת מֶע הָאט גֶעדַארְפְט אוֹיסְטְרוּקֶענֶען דִי בְּלָאטֶעס, גְרָאבֶּען דִי קַאנַאלֶען, פְלַאנְצֶען דִי אֵייקַאלִיפְּטֶען־בֵּיימֶער, הָאט מֶען דִי הַיימִישֶׁע פֶעהִיגֶע אַרְבֵּייטְס־קְרֶעפְטֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען בֶּע־נוּצְט, אוּנ גוּט בֶּעלוֹינְט. גִיט נָאר אַ קוּק אוֹיף דֶעם פֶעלְד! אִיךְ דֶערְ־מָאהן מִיךְ נָאךְ פוּן מַיין קִינְדֶערְצַייט, אַז דָא אִיז גֶעוָוען בְּלָאטֶעס. דֶעם פְלַאץ הָאט דִי נַייעֶ גֶעזֶעלְשַׁאפְט צוּם בִּילִיגְסְטֶען גֶעקוֹיפְט אוּנ הָאט אִיהם צוּם בֶּעסְטֶען גֶעמַאכְט. אָט דָארְט אִיז אַיין אַרַאבִּי׳שׁ דָארְף. אִיהר זָעהט דִי קְלֵיינֶע מָאשֶׁעע? (אַיין אַרַאבִּישֶׁער קְלוֹיסְטֶער). דִי אָרִימֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען פִיעל גְלִיקְלִיכֶער גֶעוָוארֶען. זֵיי קֶענֶען זִיךְ אָרֶענְטְלִיךְ דֶערְנֶעהרֶען, זֵייעֶרֶע קִינְדֶער זֶענֶען גֶעזוּנְטֶער אוּנ לֶערְנֶען עֶפִּים — אִין זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אוּנ מִנְהָגִים שְׁטֶערְט זֵיי קֵיינֶער נִיט”.

„אִיהר זֶענְט אֵיינֶענְטְלִיךְ אַ חִדוּשׁ, אִיהר מַאחְמֶעד בֶּער! קוּקְט אִיהר דֶען נִיט אוֹיף דִיעזֶע יוּדֶען וִוי אוֹיף אַריינְגֶערוּקְטֶע קָאנְקוּרֶענְטֶען!”

„וָואס רֶעדְט אִיהר קְרִיסְט!” עֶנְפֶערְט אִיהם רֶעשִׁיד. „וִוי אַזוֹי קָאנְט אִיהר אָנְרוּפֶען דֶעם רוֹיבֶּער, וֶועלְכֶער טוּט אַייךְ בְּלוֹיס גוּטְס? דִי יוּדֶען הָאבֶּען אוּנְז רַייךְ גֶעמַאכְט, פַאר וָואס זָאלֶען מִיר אוֹיף זֵיי אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט זַיין? זֵיי לֶעבֶּען מִיט אוּנְז וִוי בְּרִידֶער, פַאר וָואס זָאלֶען

מִיר זַיי נִיט לִיבּ הָאבֶּען? אִיךְ הָאבּ צְווִישֶׁען מַיינֶע מַאחְמֶעדַאנֶער קֵיינְדָאל נִיט גֶעהַאט אַזַא גוּטֶען פְרַיינְד וִוי דִיעזֶען דָוִד לִיטְוַואק. עֶר קָאן צוּ מִיר קוּמֶען בַּיי טָאג אוּנ בַּיי נַאכְט אוּנ בַּיי מִיר בֶּעטֶען וָואס עֶר וִויל וֶועל אִיךְ אִיהם גֶעבֶּען. אִיךְ ווייס, אַז אִיךְ קָאן אוֹיף אִיהם אוֹיךְ רֶעכֶענֶען וִוי אוֹיף אַ בְּרוּדֶער. עֶר אִיז מִתְפַּלֵל אִין אַיין אַנְדֶער מָקוֹם־קָדוֹשׁ דֶעם זֶעלְבֶּ׳ן גָאט וָואס אִיךְ אִין מַיין מָקוֹם־קָדוֹשׁ. אוּנְזֶערֶע גֶעבֶּעט־הַייזֶער שְׁטֶעהֶען אָבֶּער אַיינְס גֶעבֶּען ס׳אַנְדֶערֶע אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ תָּמִיד, אַז אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת פַּארְאַיינִיגֶען זִיךְ עֶרְגִיץ וואוּ אִין דֶער הוֹיךְ אוּנ קוּמֶען בֵּיידֶע גְלַייךְ צוּ דֶעם אֵיינְצִיגֶען כִּסֵּא־הַכָּבוֹד, וָואס אִיז אִיבֶּער אוּנְז אַלֶע״.

רֶעשִׁיד הָאט גֶערֶעדְט מִיט אַזַא גֶעזוּנְטֶען טָאן, אַז קִינְגְסְקָארְט אַפִּילוּ אִיז גֶערִיהְרְט גֶעוָוארֶען „יָא״, זָאגְט עֶר, אִיהר זֶענְט אַ גֶע־בִּילְדֶעטֶער מֶענְשׁ, שְׁטוּדִירְט אִין אֵייְרָאפַּא. וָואס אָבֶּער זָאגֶען דִי פְּשׁוּטֶ׳ע מֶענְשֶׁען, דֶער הֲמוֹן?

„דִיעזֶע נָאךְ מֶעהר, הֶער קִינְגְסְקָארְט. אִיהר מוּזְט מִיר שׁוֹין מוֹחֵל זַיין, נָאר סַבְלָנוּת הָאבּ אִיךְ נִיט אִין אֵייְרָאפַּא גֶעלֶערְנְט, דִי מַאחְמֶע־דאנֶער הָאבֶּען תָּמִיד גֶעלֶעבְּט מִיט דִי יוּדֶען בֶּעסֶער וִוי אִיהר קְרִיסְטֶען. נָאךְ צוּרִיק מִיט צְוָואנְצִיג יָאהר, אַז דִי עֶרְשְׁטֶע יוּדִישֶׁע קָאלָאנִיסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ דָא בֶּעזֶעצְט אִיז שׁוֹין פָּארְגֶעקוּמֶען, אַז דִי אַרַאבֶּער הָאבֶּען אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען אַ יוּדֶען אַלְס אַ שׁוֹפֵט צְווִישֶׁען זִיךְ, אָדֶער זִיךְ צוּם וַעַד פוּן דֶער יוּדִישֶׁער קָאלָאנִיעֶ גֶעוֶוענְדְט וֶועגֶען אַיין עֵצָה אָדֶער הִילְף אִין זַייעֶרֶע פְּרִיוואט־אַנְגֶעלֶעגֶענְהֵייטֶען״.

דער מאָטאָר־וואָגען איז אַרוים פונ׳ם טאָל אונ האָט אָנגעהויבען זיך אַרויפדרייען אויפ׳ן באַרג אַרויף. אומעדום זענען די בערגלעך געווען ביז אַרויף פאַרפלאַנצט. יעדער פלעק ערד אויסגענוצט. אויף די קרומע בערג־הענגען זענען געווען טעראַסען, אַזוי ווי אין די צייטען פון שלמה המלך. דאָ האָבען געוואַקסען טרויבען, גראַנאַטען אונ פייגען.

ווייטער זענען זיי ווידער אַריין אין אַ ליבליכען טאָל, וועלכער האָט די רייזענדער איבעראַשט מיט זיינע בלומען. אַזוי ווי אַ קאָוויאָר מיט ווייסע, געלע, רויטע, בלויע אונ גרינע פאַרבען, איז פאַר זיי דאָס שטיק לאַנד געווען אויסגעשפרייט אונ אויפ׳ן האַרצען אַזוי גוט גלייך זיי וואָלטען אַריין אין אַ ים פון זיסע ריחות. אַ שטיל ווינטעלע האָט געקאַטשעט די שמעקענדע לופט־חוואַליעס, אונזערע צוויי געסט זענען פשוט פאַרכשופ׳ט געוואָרען פון דעם נאַטור־שפּיעל, וואָס זיי האָבען גאָר ניט געקאָנט פאַרשטעהן פון וואַנען דאָס נעמט זיך. ערשט שפּעטער האָט מען זיי ערקלערט, אַז דאָ האָט מען אַיינגע־ריכטעט אַ גרויסע בלומען־קולטור ספּעציעל פאַר דער פאַבריקאַציע פון פאַרפומע. דאָ ווערען אין גרויסע מאַסען געצויגען, זשאַסמין, טובעראָזעק, זשעראַניען, נאַרציזען, פיאָלקעס אונ רויזען. דער גאַנצער טאָל איז איין גאָרטען.

די אַרבייטער, וועלכע האָבען אונזערע רייזענדער בעגעגענט האָבען זיי אַלע מאָל געגריסט, אַמאָל ליטוואַקען, אַמאָל שטיינעקען אונ אַמאָל רעשידען. דערפון האָבען די פרעמדע פאַרשטאַנען, אַז

אַלֶע דְרַיי זֶענֶען שְׁטַארְק בֶּעקַאנְט אוּנ גֶעשֶׁעצְט אִינְ'ם לַאנְד. שְׁפֶּעטֶער זֶענֶען זַיי גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז דָוִד אוּנ שְׁטַיינְעֶק זֶענֶען דִי פִירֶהער פוּן אַ פָּאלִיטִישֶׁער פַּארְטַיי, וָועלְכֶע הָאט מִלְחָמָה מִיטְ'ן דָאקְטָאר גַייֶער וָועגֶען דֶער פְרַאגֶע אוֹיבּ אַלֶע מֶענְשֶׁען אָדֶער נָאר יוּדֶען דַארְפֶען צוּגֶענוּמֶען וָוערֶען אִין דֶער נַייֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט.

דָוִד בֶּעמֶערְקְט דֶערְבַּיי: „אִיךְ בִּין אַ פִיהְרֶער נָאר אוֹיף צְוַויי וָואכֶען בִּיז דִי וִויבָּארֶעס צוּם קָאנְגְרֶעס. מַיין פְּרָאפֶעסִיעֶ אִיז עֶס נִי..."

XXV.

זַיי זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעפָאהרֶען אַ בַּאהן-לִינִיעֶ אוּנ הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַבִּיסְל אָבְוַוארְטֶען בִּיז דִי בַּאהן אִיז דוּרְכְגֶעפָאהרֶען. דִי פְרֶעמְדֶע הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט, אַז דִי בַּאהן-לָאקָאמָאטִיוָוע הָאבֶּען נִיט קַיין קוֹימֶען אוּנ סָע שְׁלָאגְט פוּן אִיהר קַיין רוֹיךְ נִיט.

דָוִד עֶרְקְלֶערְט זַיי:

— „בַּיי אוּנְז גֶעהֶען אַלֶע בַּאהנֶען מִיט עֶלֶעקְטֶערִיעֶ. מִיר הָאבֶּען דָא שׁוֹין פוּנְ'ם אָנְהוֹיבּ אָן אַיינְגֶעפִיהרְט דָאס אַלֶערְנַייֶעסְטֶע, וַוייל פְרִיהֶער אִיז דָאךְ גָאר נִיט גֶעוֶוען. דַאגֶעגֶען הָאבֶּען מִיר גֶעהַאט דִי פְּרַאקְטִיקֶע פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאט אַ גַאנְצֶע מַאסֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע יוּנְגֶע לַייט, וָועלְכֶע זֶענֶען צוּ אוּנְז גֶעקוּמֶען פוּן דִי אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען אוּנ פָּאלִיטֶעכְנִיקוּמְ'ס פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, פַארְזֶעהן מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען. אוּנ גְרָאד יֶענֶע יוּדִישֶׁע יוּנְגֶע אִינְטֶעלִיגֶענְץ, פַאר וָועלְכֶע ס'אִיז קַיין פְּלַאץ נִיט גֶעוֶוען אִין דִי

אַנְטִיסֶעמִיטִישֶׁע לֶענְדֶער און וָועלְכֶע הָאבֶּען גֶעמוּזְט דָארְט פַאר פַארְצְוֵוייפְלוּנְג זִיךְ וַוארְפֶען אִין דִי אַרְגְסְטֶע כִּתּוֹת אַרַיין, הָאבֶּען דָא בֶּעקוּמֶען אַ וֶוערְט און זִיךְ און זַייעֶר פָאלְק נִיצְלִיךְ גֶעוָוארֶען. דִי דָאזִיגֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע יוּגֶענְד אִיז גֶעוָוארֶען דִי גְרֶעסְטֶע בְּרָכָה פַאר פַּאלֶעסְטִינַא, דֶען זִי הָאט מִיט זִיךְ גֶעבְּרַאכְט דִי בֶּעסְטֶע וִויסֶענְ־שַׁאפְט און פְּרַאקְטִישֶׁע חָכְמָה״.

קִינְגְסְקָארְט וַוארְפְט אַרַיין אַ וָוערְטֶל: „אִיהר זֶעגְט דָאךְ אַ חִיטְרֶע פָאלְק. אוּנְז הָאט אִיהר גֶעלָאזְט דָאס אַלְטֶע אַייזֶען און אִיהר פָאהְרְט דָא מִיט דִי נַייעֶסְטֶע מַאשִׁינֶען״.

„וָואס־זְשֶׁע, מִיר הָאבֶּען אֶפְשַׁר גֶעדַארְפְט אַלְטֶע שְׁמַאטֶעס, וָוען מִיר הָאבֶּען פַאר דֶעם אֵיינֶענֶעם גֶעלְד גֶעקָאנְט קְרִיגֶען אָדֶער מַאכֶען פוּנְקֶעל נַייעֶס?״ שְׁרַייט אוֹיס שְׁטֵיינֶעק מִיט אַ גֶעבֵּייזֶער. „אִיבְּרִיגֶענְס אִיז אַלֶעס וָואס אִיהר זֶעהט גָאר קֵיין נַייעֶס נִיט. ס׳אִיז שׁוֹין אַלֶעס גֶעוֶועזֶען אוֹיךְ דֶעמָאלְט אִין אֵייְרָאפַּא און בֶּעזוּנְדֶערְס אִין אַמֶערִיקַא. בַּיי דִי אַמֶערִיקַאנֶער הָאבֶּען מִיר אַ סַךְ גֶעלֶערְנְט אִין עֶלֶעקְטְרִישֶׁע בַּאהְנֶען וְוִי אִין אַנְדֶערֶע זַאכֶען״.

„פַאר אוּנְז — זָאגְט וַוייטֶער דָוִד — אִיז פִיעל גְרִינְגֶער גֶעוֶועזֶען דָאס נַייעֶסְטֶע צוּ מַאכֶען, וַוייל מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעדַארְפְט פְּרִיהֶער אוֹיסְנוּצֶען דָאס אַלְטֶע. אוּנְזֶערֶע וַואגָאנֶעס הָאבֶּען אַלֶעס נַייטִיגֶע, כְּדֵי דֶעם רֵייזֶענְדֶען בֶּעקְוֶועם צוּ מַאכֶען. סֶע טְרֵייסֶעלְט כִּמְעַט נִיט, חָאטְשׁ מִיר פָאהְרֶען זֵעהר גֶעשְׁווִינְד. דִי אַרְבֵּייטֶער־בַּאהְנֶען זֶענֶען אוֹיךְ גוּט פַארְזָארְגְט, וַוייל מִיר פַארְשְׁטֵעהֶען, אַז מֶע מוּז דָאס גֶעזוּנְט פוּן דִי

אַרְבֵּייטֶער פַּארְהִיטֶען. הַיינְט וִוי בִּילִיג בַּיי אוּנְז קָאסְט דָאס פָאהרֶען! מִיר הָאבֶּען דָעם פַּאסַאזְשִׁירְסְקָע טַארִיף פוּן דָעם הֶערְצָאגְטוּם בַּאדֶען אוּנְטֶער דֶעם קְלוּגֶען גְרוֹיסְהֶערְצָאג פְּרִידְרִיךְ אַיינְגֶעפִיהרְט. מִיר הָאבֶּען קוֹדֶם כָּל אִין זִינֶען גֶעהַאט, אַז דוּרְךְ בִּילִיגֶע טַארִיפֶען זָאלֶען זִיךְ דִי אַרְבֵּייטֶער גְרִינְג קֶענֶען אִיבֶּערְפָאהרֶען פוּן דִי עֶרְטֶער וְוִי אַרְבֵּייט פֶעהלְט אִין דִי עֶרְטֶער וְוִי סֶע פֶעהלֶען מֶענְשֶׁען. דֶערִיבֶּער צִיהֶען זִיךְ בַּיי אוּנְז דִי בַּאהן־לִינִיֶע פוּן אֵיין עֶק לַאנְד בִּיז'ן אַנְדֶערֶען, אַזוֹי [illegible] אַ קָאלָאנִיזַאצִיָע פוּן מֶענְשֶׁענְקְרַאפְט".

"פַאר וָואס מַאכֶען מִיר בֶּעסֶער נִיט אוּנְזֶער רַייזֶע מִיט דֶער בַּאהן?" פְרֶעגְט קִינְגְסְקָארְט.

"אִיבֶּער צְוֵויי טַעֲמִים, עֶנְטְפֶערְט דָוִד. עֶרְשְׁטֶענְס וַוייל מִיטְ'ן וָואגֶען קָאן מֶען זִיךְ בֶּעסֶער אַיינְזֶעהן דִי שֵׁינֶע גֶעגֶענְד אוּנ צְוֵוייטֶענְס וַוייל ס'אִיז אַצוּנְד עֶרֶב פֶּסַח אוּנ דִי בַּאהְנֶען זֶענֶען אָנְגֶעפוּלְט מִיט פְרֶעמְדֶע עוֹלֵי־רֶגֶל צוּ דִי קְרִיסְטְלִיכֶע הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער".

"יָא, וִוי אַזוֹי זֶענְט אִיהר דוּרְכְגֶעקוּמֶען מִיט דֶער שַׁאֲלָה פוּן דִי הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער ?" — פַאלְט פְרִידְרִיכְ'ן אַיין אַ שַׁאֲלָה.

"גָאר פָּשׁוּט, עֶנְטְפֶערְט דָוִד. דֶעמָאלְט וָוען דִי שַׁאֲלָה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּלִיב דֶער צִיוֹנִיסְטִישֶׁער בֶּעוֶועגוּנְג, הָאבֶּען אַ סַךְ יוֹדֶען גֶעגְלוֹיבְּט וִוי אִיהר, אַז דִי שַׁאֲלָה אִיז וִוירְקְלִיךְ זֶעהר הַארְב. פוּן דִי קְרִיסְטְלִיכֶע פוּבְּלִיצִיסְטֶען אָבֶּער הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט, אַז דִי מַעֲשֶׂה אִיז נִיט אַזוֹי. עֶרְשְׁטֶענְס הָאבֶּען זִיךְ דִי הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער שׁוֹין בִּיז אִיצְט אוֹיךְ גֶעפוּנֶען נִיט אִין קְרִיסְטְלִיכֶען, נָאר

אין מאחמעדאנישען רשות. צווייטענס האט די נייע צייט געגעבען צו פארשטעהן, אז די היילינע ערטער קענען ערשט דעמאלט רעכט הייליג ערהאלטען ווערען, ווען זיי וועלען קיינעם ניט געהערען. אזוי האבען מיר עס אויך געמאכט: די היילינע ערטער זענען דאס איי־גענטום פון דער גאנצער מענשהייט און אלע פיהלען זיך דארט ביי זיך אין דער היים".

## XXVI.

זיי זענען געקומען קיין ניידארף, דארט האט מען זיי שוין לאנג ערווארטעט, און דעריבער האט זיי ביים אנקומען ארום גערינגעלט א מענגע מענשען און בעגריסט מיט'ן יודישען „הידד!" א קליינער חאר פון ריין געקליידעטע חדר־קינדער אונטער דעם קאמאנדא פון זייער לעהרער האט זיי בעזונגען מיט א לשון־קדש בעגריסונגס־ליעד, וועל־כעס זיי האבען געמוזט שטעהענדיג אויסהערען.

דא זעהט מען, אז די קינדער אין אלטניילאנד לערנען אין די חדרים אפנים לשון־קדש אלס מוטערשפראכע און אז לשון־קדש האט אין אלטנייאלאנד אפנים א חשיבות, גערעדע ניט ווי עמיצער האט געוואלט אנדערש אויסדריגנען! נאר ניט דאס איז דער מחבר אויסען.

דאגעגען ווערד בפירוש געזאגט, אז דער ראש־הקהל, פרידמאן, האט זיי בעגריסט מיט א קורצער רעדע אויף פראסט יודיש, מחמת דער מחבר איז ניט אזא תם און האלט זיינע לעזער אויך פאר פראק־טישע מענשען, וועלכע וואלטען ניט געגלויבט, אז אין אזא קורצער

צייט הָאבְּען שוין דִי עֶלְטֶערֶע מֶענְשֶׁען זִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט רֶעדֶען לָשׁוֹן־קֹדֶשׁ, אָדֶער אַז אִין אַזַא קוּלְטוּרְנֶע לַאנְד וִוי אַלְטְנַיילַאנְד הָאבֶּען זִיךְ דִי אַיינְוואֹהנֶער גֶעבְּרָאכֶען דִי צוּנְגֶער אוּנ זִיךְ גֶעשְׁפִּילְט מִיט לָשׁוֹן־קֹדֶשׁ רֶעדֶען וִוי אִין דִי אַמָאלִיגֶע שָׂפָה־בְּרוּרָה חֶבְרוֹת. דֶער מְחַבֵּר קָאן גְלוֹיבֶּען גְלַייךְ מִיט אוּנְז אַלֶע, אַז לָשׁוֹן־קֹדֶשׁ וֶועט סוֹף כָּל סוֹף וֶוערֶען דִי פָאלְקְס־שְׁפְּרַאכֶע אִין אַלְטְנַיילַאנְד, נָאר וֶוען זְשֶׁע? אַז אַלְטְנַיילַאנְד וֶועט שׁוין זַיין אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט אוּנ לָשׁוֹן־קֹדֶשׁ וֶועט זַיין אַיין אָפִּיצִיעֶלֶע שְׁפְּרַאכֶע אִין אַלֶע קַאנְצֶעלַארִיעֶס, דֶעמָאלְט וֶועלֶען דִי עֶלְטֶערֶע זִיךְ מוּזֶען אוֹיסְלֶערְנֶען לֶעזֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען, אוּנ דִי יוּנְגֶע קִינְדֶער אִין דִי חֲדָרִים וֶועלֶען שׁוין אוֹיסְלֶערְנֶען זִיךְ אוֹיךְ צוּ רֵעדֶען אוֹיף אִיהר. אוּנ אַז דֶער יוּנְגֶער דוֹר וֶועט נָאכְדֶעם אוֹיסְוַואקְסֶען אוּנ וֶועט אַרוּם זִיךְ נִיט הָאבֶּען קֵיין סְבִיבָה, וָואס גֵייט אִיהר צוּ רֵעדֶען אַנְדֶערֶע שְׁפְּרַאכֶען, וֶועט דָאס לָשׁוֹן־קֹדֶשׁ רֵעדֶען מִיט דֶער צַייט וֶוערֶען נִיט קֵיין שְׁפִּיל, נָאר אַ נַאטִירְלִיכֶער לֶעבֶּענְס־בֶּעדַארְף אוּנ פַּאמֶעלִיךְ וֶועט עֶר אַרוֹיסְשְׁטוּפֶּען דֶעם זְשַׁארְגָאן בִּיז דִיזֶער לֶעצְטֶערֶע וֶועט אִין גַאנְצֶען פַארְגֶעסֶען וֶוערֶען.

אַזוֹי, קָאן זַיין, שְׁטֶעלְט זִיךְ דֶער מְחַבֵּר פָאר זַיין אִידֶעאַל וֶועגֶען דֶעם אוֹיפְלֶעבֶּען פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער שְׁפְּרַאךְ, לע״ע אָבֶּער הַאלְט עֶר עֶרְשְׁט בַּיים אוֹיפְבּוֹיעֶן פוּן אַלְטְנַיילַאנְד אוּנ בַּיי זַיין סָאצִיאַל־פָּאלִיטִישֶׁע אַיינְאָרְדְנֶען זִיךְ.

דִי עֶרְשְׁטֶע שַׁאֲלָה וָואס אִיז אִין אַלְטְנַיילַאנְד גֶעבֹּארֶען גֶעוָוארֶען אִיז גֶעוֶוען: אוֹיבּ פְּרֶעמְדֶע, נִיט־יוּדֶען, קָאנֶען אוֹיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען

ווערען, אין דער נייער געזעלשאפט. דאס פאלק האט זיך געטיילט אויף צוויי פארטיען, די איינע פארטיע, די פריי־דענקער, די סבלנים האט געפיהרט דויד ליטוואק מיט ארחיטעקט שטיינעק, די אנדערע, די פאנאטיקער, די שאוויניסטען זענען געפיהרט געווארען דורך דעם דאקטאר גייער, איין איבערלעבעניש פון די אמאליגע דייטשע פראָ־טעסט־ראבינער, וואס האבען מלחמה געהאלטען א־קעגען ציוניזם אין גלות אינ'ם נאמען פון דער יודישער מיסיע און קאסמאפאליטיזם. אצינד אבער, אז „אונזער הויז איז אויסגעבויעט געווארען”, האבען זיי זיך א־ווארף געטאן צוריק, זענען געקומען קיין אלטניילאנד און גע־ווארען מיטגלידער פון דער נייער געזעלשאפט. נאר זייער האס א־קעגען די ציוניסטישע פיהרער ווילען זיי אויסגיסען אין איין אנדער פארם, אין דעם בונטעווען דאס פאלק א־קעגען די פרעמדע.

די שאלה האט געדארפט געשעשעט ווערען אויף דעם קאנגרעס, וועלכער האט געדארפט זיך צוזאמען קלייבען אין קורצען און דעריבער האט די מלחמה צווישען די צוויי פארטיען אויסגעבראכען אין אלע יודישע ישובים. יעדע פארטיע האט געוואלט, אז צום קאנגרעס זאלען קומען וואס מעהר דעלעגאטען פון איהר זייט. אין נייִדארף האט אויך געדארפט פארקומען איין אספה וועגען דעלעגאטען און ליטוואק מיט שטיינעקען זענען טאקי צוליב דעם אראבגעפאהרען, כדי זייער אגי־טאציע אויסצונוצען.

אין נייִדארף איז די נייערשע פארטיע געוועזען ניט שטארק אין

צָאהל, זי הָאט אָבֶּער דָארט גֶעהַאט אַ שַׁארְפֶען פָארְשְׁטֶעהֶער, אַיינֶעם פוּן דִי בַּעֲלֵי־בַּתִּים מִיט דָעם נָאמֶען מֶענְדֶעל.

אַז פְרִידְמַאן דֶער רֹאשׁ־הַקָהָל הָאט אָבְּגֶעהַאלְטֶען זַיין רֶעדֶע, אִין וָועלְכֶער עֶר הָאט אַזוֹי הַארְץ־פְרַיינְדְלִיךְ בֶּעגְרִיסְט דִי פַּארְטֵיי־פִיהרֶער לִיטְוַואק אוּנ שְׁטֵיינֶעק, הָאט זִיךְ מֶענְדֶעל צוּ גֶעשְׁטִיפְּט אוּנ מִיט זַיין דוּנֶער־שְׁטִימֶע אוֹיךְ גֶעבֶּעטֶען אַ וָוארְט. דָא אִיז גֶעוָוארֶען אַ גֶעפִּלְיֶער, דֶער רוֹב עוֹלָם פוּן פְרִידְמַאנְ׳ס זַייט הָאט גֶעשְׁרִיגֶען: „מֶענְדֶעל זָאל נִיט רֶעדֶען!״ מֶענְדֶעל אָבֶּער הָאט זִיךְ רוּהִיג אוּנ בֶּעשְׁטִימְט גֶעזָאגְט: „אִיךְ וָועל רֶעדֶען!״ אוּנ אַ קְלֵיינֶער עוֹלָם פוּן זַיין זַייט הָאט אִיהם אוּנְ־טֶער גֶעהַאלְטֶען מִיט דִי אוֹיסְגֶעשְׁרַייֶען: „יָא, עֶר זָאל רֶעדֶען, נָאר רֶעדֶען!״

דָוִד בֶּערוּהִיגְט דִי אֲסֵפָה מִיט אַיין הַאנְט אוֹיפְהֵעבֶּען אוּנ זָאגְט: „גֶעוִוים זָאל עֶר רֵעדֶען!״

מֶענְדֶעל רֵייצְט זִיךְ מִיט זַיינֶע גֶעגְנֶער: אִיהר זֶעהט! הֶער לִיטְ־וַואק אִיז קְלוּגֶער פוּן אַייךְ, חֲמוֹרִים! אַלְזָא וָואס אִיךְ וִויל זָאגֶען אִיז נָאר דָאס, „אַז פְרִידְמַאנְ׳ס רֶעדֶע אִיז נִיט אִינְ׳ם נָאמֶען פוּן גַאנְץ קָהָל״.

ווִידֶער וֶוערְד אַ לַארְם, אַ גֶעפִּילְדֶער. „אַ וַדַאי, אַ וַדַאי פוּן גַאנְץ קָהָל, שְׁרַייט מֶען, עֶר אִיז דָאךְ דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער!״

מֶענְדֶעל אָבֶּער זָאגְט וַוייטֶער: „יָא, דִי גֶעסְט בֶּעגְרִיסֶען דַארְף עֶר. דָאס מוּז עֶר אִינְ׳ם נָאמֶען פוּן אַלֶע אוּנְזֶערֶע נֵיידָארְפֶער בַּעֲלֵי־בַּתִּים. אָבֶּער אַלְס פַּארְטֵיי־פִיהרֶער דַארְף עֶר דִי הֶערֶען נִיט אָנְנֶעמֶען. בַּיי אוּנְז אִין נֵיידָארְף זֶענֶען דָא מֶענְשֶׁען, וָואס גֶעהֶערֶען נִיט צוּ זַייעֶר

פּאַרטײ. און דאָס האָב איך געוואָלט איהר זאָלט וויסען הער ליטוואַק און הער שטײנעק".

מיט דיזער ערקלערונג זענען שוין אַפּילו די געגנער מענדעל'ס צו פרידען געבליבען.

אויפ'ן פּלאַץ ווערד אויפגעשטעלט אַ רעדנער־בימה. אין דער פאַרזאַמלונג לאָזט זיך הערען אַ געשריי: „רב שמואל געהט!" אַלע מאַכען איהם אַ וואַרע און ער פאַרנעמט זיין אָרט. רב שמואל איז דער רב פון ניידאָרף אַיין אַלטער יודישער רב פון רוסלאַנד, וועלכער האָט שוין פון אָנהויב אָן אַנגעזעהן די וויכטיגקייט פונ'ם ציוניסטי־שען רעיון און האָט זיך איהם אַנגעשלאָסען נאָך אין יענער צייט, ווען אַלע רבנים ובפרט די דייטשע, זענען געווען די ביטערסטע געגנ־נער. מיט די ערשטע עמיגראַנטען איז ער אָנגעקומען קיין ארץ ישראל און געוואָרען אַ מיטגליד פון דער נייער געזעלשאַפט. דעם גאַרטען אַרום רב שמואל'ס הייזעל רופט מען: גן־שמואל.

XXVII

דער ראש הקהל פרידמאַן עפענט די אסיפה מיט קורצע עטליכע ווערטער, אין וועלכע ער דערמאַנט דעם עולם זיי זאָלען זיך רוהיג פאַרהאַלטען און לאָזען אויסרעדען זייערע געגנער אַפּילו ווען זיי גע־פעלט ניט יענעמ'ס דבורים. נאָך דעם גיט ער דאָס וואָרט דעם אַרכי־טעקטאָר שטיינעק.

שטיינעק כאַראַקטעריזירט אין אַ פייערינער רעדע דעם דאָקטאָר גייער אַלס ראַבינער, וואָס זוכט נאָר צו חנפ'ענען זיינע לייט. ער מאָלט

אִיהם אָב וִוי אַזוֹי עֶר הָאט אִין גָלוּת גֶעשַׁאדְט דֶעם צִיוֹנִיזְם דוּרְךְ זַיינֶע פַּאלְשֶׁע תּוֹרוֹת, מִיט וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ נָאר גֶעמֵיינְט אוּנְטֶער־צוּחַנֶפֶ'נֶען צוּ דִי רַייכֶע בַּעֲלֵי־בָּתִּים, דִי יוּדִישֶׁע גְבִירִים, וָואס דֶער צִיוֹנִיזְם הָאט זֵיי נִיט גֶעשְׁמֶעקְט. אַצִינְד ווייל עֶר אוֹיךְ זִיךְ אוּנְטֶערְחַנְפֶ'נֶ'עֶן דֶער מַאסֶע. מִיט אֵיינֶעם וָוארְט שְׁטֵיינֶעק וֶועגְדְט אָן אַלֶע זַיינֶע כֹּחוֹת צוּ אוּנְטֶערְגְרָאבֶּען אוּנְטֶער גֵייעָ'ִרס אַוְוטָארִיטֶעט אוּנ אִיהם אַרָאבְּצוּוַוארְפֶען אִין דִי אוֹיגֶען פוּן דֶעם עוֹלָם.

אַלְס שְׁטֵיינֶעק הָאט גֶעעֶנְדִיגְט בֶּעקוּמְט מֶענְדֶעל דָאס וָוארְט, „הֶער שְׁטֵיינֶעק, זָאגְט עֶר, הָאט אוּנְז אַרֶעדֶע גֶעהַאלְטֶען", „מֶע קָאן זָאגֶען סֶע אִיז אַ שֵׁיינֶע רֶעדֶע גֶעוֶוען. מֶע קָאן אָבֶּער אוֹיךְ זָאגֶען סֶע אִיז אַ גְרָאבֶּע רֶעדֶע גֶעוֶוען. אִיךְ זָאג אַז ס'אִיז אַ גְרָאבֶּע רֶעדֶע גֶעוֶוען. הֶער שְׁטֵיינֶעס הָאט אוּנְז אַלֶע בֶּעלֵיידִיגְט בְּעֵת עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַז מִיר זֶענֶען נִיט וֶוערְט, וָואס דִי זוּן שֵׁיינְט אוֹיף אוּנְז. פַאר וָואס זֶענֶען מִיר עֶס נִיט וֶוערְט? ווייל מִיר ווילֶען נִיט יֶעדֶען אַרַיינְלָאזֶען? וֶוער הָאט דִי שְׁטֵיינֶער אַרוֹיס גֶעקְלָאפְּט? מִיר! וֶוער הָאט זִיךְ גֶעפְּלַאגְט אוּנ גוֹבֵר גֶעוֶוען דִי פַּארְלָאזְטֶע עֶרְד? מִיר! וֶוער הָאט אוֹיסְגֶעטְרוֹקֶענְט דִי בְּלָאטֶעס, גֶעגְרָאבֶּען קַאנַאלֶען, גֶעפְּלַאנְצְט בֵּיימֶער, וֶוער הָאט גֶע־שְׁווִיצְט אוּנ גֶעפְּרוּוֶוען בִּיז דָאס אַלֶעס אִיז פַּארְטִיג גֶעוָוארֶען? מִיר מִיר, מִיר! אוּנ אַצִינְד אוֹיף אַ מָאל זָאל עֶס נִיט זַיין אוּנְזֶערְס. דָא שְׁטֶעקְט אוּנְזֶער שְׁוֵויס אוּנ בְּלוּט, אוּנְזֶער אַרְבֵּייט אוּנ מִיט אַ מָאל זָאלֶען מִיר עֶס אַוֶועקְגֶעבֶּען פְרֶעמְדֶע? ניין דָאס וֶועט נִיט זַיין! אוּנ וֶוענֶען דָאקְטָאר גֵייעֶר אִיז נִיט מַיין עֵסֶק וָואס עֶר אִיז פְרִיהֶער גֶעוֶוע

אונ וואס ער האט פריהער געזאגט. אצינד האט ער רעכט — דאס ווייס איך, וואס מיר האבען אונז מיט אונזערע הענט פארשאפט מוז אונז בלייבען, מיר וועלען קיינעם ניט לאזען עס אוועקנעמען - מעהר האב איך ניט וואס צו זאגען.

דער מחבר פון אלטנייאלאנד, געוויינהנליך האלט ניט מיט מענד־לען אונ זיין פארטיע, נאר פון דעסטוועגען זעהט מען, אז פונקט אזוי פיעל ווי ער איז אויפגערייצט אקעגען גייער'ן דעם חונף פון דער מאסע, דעם „פאליטיקער פון דעם נאהנסטען פארטייל", פונקט אזוי איז ער פול מיט סימפאטיע צו דעם גראבען נאר ערהרליכען מענדעל. הערצל האט מיט זיין רייבען גייסט תוספ געווען די נשמה פון דעם פראסטען יודען אונ פארשטעהט זי צו שעצ'ען, אויך די פיגור פון דעם אלטען רב, רב שמואל מאלטער מיט שיינבארער ליבע אונ דרך־ארץ. אומזיסט זאגען אנדערע, אז הערצל פארשטעהט אונז די מזרח יודען גאר ניט אדער ווייניג!

איך וויל ניט מאריך בדרוש זיין, די לאנגע רעדע פון דוד ליטוואק איז א שטיק פירוש אויפ'ן אלטנייאלאנד. ליטוואק ערקלערט זיינע הערער, אז די הצלחה פון אלטנייאלאנד דארף מען פארדאנקען ניט נאר דעם שוויים אונ בלוט פון די קאלאניסטען אליין, נאר אפשר נאך מעהר דער אלגעמיינער וועלט־קולטער, וועלכע האט שוין פריהער אין פארשידענע ערטער פון דער וועלט צו געגרייט התחלות צו א נייער ארדנונג אונ צו א נייעם סארט געזעלשאפטליכער איינריכטונג. מע האט אונז אויך פריהער צוגעגרייט אלע חכמות אונ המצאות ווי

עֶלֶעקְטְרִיטְשֶׁעסְטְוֶע אוּנ אִיהְרֶע אַיינְרִיכְטוּנְגֶען. מִיר הָאבֶּען נָאר גֶעהַאט דָאס אַלֶעס צוּנוֹיפְצוּנֶעמֶען אִין אַיינֶעם, אוֹיף אַלֶערְלֵיי אוֹפַנִים אוֹיסְ־טְצֶען אוּנ דוּרְךְ דֶעם זִיךְ שַׁאפֶען אַ גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען אִין אוּנְזֶער גְלִיקְלִיךְ לַאנְד מִיר מוּזֶען דֶערִיבֶּער דַאנְקְבַּאר זַיין דֶער מֶענְשֶׁענְהֵייט אוּנ טָארֶען בְּשׁוּם אוֹפֶן זִיךְ נִיט אָבְּשְׁלִיסֶען אוּנ פַארְשְׁפַּארֶען אִין אַיין עֶנְג רֶעמֶעל פוּן אוּנְזֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט אַלֵיין. מִיט דִי לִיפֶּען פוּן דָוִד לִיטְוַואק הָאט דָא דֶער מְחַבֵּר אַרוֹיסְגֶעזָאגְט זַיינֶע אַיינֶענֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנ זַיין אִידֶעאַל וֶוענֶען דֶעם פַארְהַאלְטֶען זִיךְ פוּן דֶער קִינְפְטִיגֶער יוּדִישֶׁע גֶעזֶעלְשַׁאפְט צוּ דֶער וֶועלְט אִיז ווירְקְלִיךְ דֶער אִידֶעאַל פוּן אַלֶע בֶּעסֶערֶע יוּדֶען, דֶער אִידֶעאַל פוּן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים.

XXVIII.

פוּן נַיידָארְף אִיז אוּנְזֶער עוֹלָם שׁוֹין גֶעפָאהְרֶען גְלַייךְ קַיין טְבֶרְיָה צוּ דָוִד'ס עֶלְטֶערְן.

דִי אַלֶע מֶערְקְווירְדִיגְקֵייטֶען, וָואס זֵיי הָאבֶּען בַּאגֶעגֶענְט אוֹיפְ'ן וֶועג אוּנ וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן אִין טְבֶרְיָה אִיז גָאר נִיט אִיבֶּערְצוּ־גֶעבֶּען. אַלְטְנַיילַאנְד אִיז נִיט נָאר אַ גַן־עֵדֶן דוּרְךְ זַיין רַייכֶע נַאטוּר, נִיט נָאר אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶער לֶעבֶּענְס־ אוּנ גֶעזוּנְטְס־וִוינְקֶעל דוּרְךְ זַיין רַייכֶער פְרִישֶׁער לוּפְט אוּנ וואוּנְדֶערְלִיכֶע בֶּעדֶער — אַלְטְנַיילַאנְד אִיז נָאךְ דֶערְצוּ דָאס קְלוּנְסְטֶע אוּנ גֶעבִּילְדֶעטְסְטֶע לַאנְד אִין דֶער וֶועלְט, פוּן וַואנֶען סֶע שַׁיינְט אַרוֹיס אַ גְרוֹיסֶע זוּן פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט אִין אַלֶע בְּרַאנְשֶׁען, אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן מֶעדִיצִינִישֶׁע קְלִינִיקֶען אוּנ בַּאקְטֶערִיאָלָא־גִישֶׁע אַנְשְׁטַאלְטֶען בִּיז אַרְכִיטֶעקְטוּר אוּנ שֶׁענֶע קוּנְסְט. מִיט אַיינֶעם

וָוארְט: אַלְטְנַיילַאנְד אִיז דָער מְסוֹר פוּן בְּרָכָה אוּנ גְלִיק פוּן דֶער נַאנְ־
צָער מֶענְשְׁהַייט.

נָאר וִוי אַזוֹי אִיז דָאס אַלֶעס גֶעוָוארֶען? ווִי אַזוֹי הָאט דָאס צֶע־
זַייֶעטֶע אוּנ צֶעשְׁפְּרַייטֶע פָאלְק דָאס אַלֶעס צוּ שְׁטַאנְדֶע גֶעבְּרַאכְט אוּנ
דֶערְצוּ נָאךְ אִין אַזַא קוּרְצֶער צַייט פוּן צְוָואנְצִיג יָאהר? אָט אוֹיף דֶער
שַׁאֲלָה הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע אִינְזֶעל־גֶעסְט בֶּעקוּמֶען אַ קְלָארֶע תְּשׁוּבָה בַּיים
סֵדֶר אָבְּרִיכְטֶען בַּיי לִיטְוַואקְס עָלְטֶערְן אִין שְׁטוּב. נָאךְ דֶער גֶעוואהְנְ־
לִיכֶער הֲגָדָה מִיט דֶעם גֶעוואהְנְלִיכֶען סֵדֶר, וֶועלְכֶער קוּמְט אוֹיס נַא־
טִירְלִיךְ אַבִּיסְל פְרֵייהלִיכֶער וִוי אוּנְזֶערֶע סְדָרִים אִין גָלוּת, וָואס יֶעדֶער
יוּדִישׁ הַארְץ מוּז אַ צִיטֶער גֶעבֶּען בַּיי דֶעם אֵייגֶעם גֶעדַאנְק נָאר, אַז
מָארְגֶען אִיז מֶען נִיט זִיכֶער מִיטְ'ן לֶעבֶּען — ווִיפִיעל יוּדִישׁ בְּלוּט אִיז
שׁוֹין פַארְגָאסֶען גֶעוָוארֶען אִין דִי פֶּסַח־טֶעג אָדֶער תֵּיכֶף נָאךְ פֶּסַח זִינְט
מִיר זָענֶען אִין גָלוּת! — נָאךְ דֶעם פְרֵייהלִיכֶען סֵדֶר פוּן יְצִיאַת מִצְרַיִם
הָאט מֶען אוּנְזֶערֶע גֶעסְט בַּיי לִיטְוַואקֶען אִין שְׁטוּב מְכַבֵּד גֶעוֶוען מִיט
אַ נַייֶער הֲגָדָה — דִי הֲגָדָה פוּן יְצִיאַת־אֵייראָפַּא.

אִין אַ גְרַאמָאפָאן אִיז גֶעוֶוען אַייְנְגֶעזֶעצְט אַ רֶעדֶע פוּן יָאזֶעף
לֶעווִי, דֶער הוֹיפְּט־פִיהרֶער פוּן אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען פוּן דֶער נַייֶער גֶע־
זֶעלְשַׁאפְט, דֶער גְרִינְדֶער אוּנ בֶּעשַׁאפֶער פוּנ'ם יוּדִישֶׁען יִשּׁוּב אִין אֶרֶץ־
יִשְׂרָאֵל; מִיט אֵייגֶעם וָוארְט: דִי נְשָׁמָה אוּנ דֶער גֵייסְט פוּן גַאנְץ אַלְטְ־
נַיילַאנְד, וֶועלְכֶער פַארְמָאגְט אַ זַאךְ, ווִי שְׁטֵיינֶעק זָאגְט, וֶועלְכֶע אִיז
זֶעלְטֶענֶער פוּן גָאלְד, זֶעלְטֶענֶער פוּן פְּלַאטִין, זֶעלְטֶענֶער פוּן אוּרַאק,

װעלטענער פוּנ׳ם װעלטענסטען אין דער װעלט — אַ פּראָסטען געװױנ־ליכען מענשען־פֿאַרשטאַנד.

יאָזעף לעװי איז אַצינד אין מאַרסעל, װאוּהין ער איז געפאָהרען אָנקוקען אַ נייע מאַשינע, פוּן דאָרט װעט ער מסתּמא פאָהרען קיין אַמעריקא אָדער ערגעץ אַנדערש.

בּיי לעװי׳ן װעט איהר איבּערהױפּט ניט װיסען, װאו ער װעט זיין מאָרגען, ער פליהט שטענדיג אַרום װי אַ װיבער פוּן איין עק װעלט אין דעם אַנדערען, אוּנ איז תּמיד דאָרט װאו מע דאַרף איהם. קיינמאָל גאָרניט פאַרשפּעטיגט, קיינמאָל קיין זאַך ניט פאַרשלאָפען.

לעװי לױפט ניט נאָך דעם כּבוד אוּנ חאָטש ער װאָלט געקאָנט זיין פּרעזידענט אין אַלטנייلאַנד, װייל ער איז די פּאָפּולערסטע פּער־זענליכקייט דאָרט? װיל ער אָבער אַרבּייטען אוּנ גליקליך מאַכען זיין פאָלק. עס רוּהט דעריבּער ניט קיין רגע אוּנ האַלט אין איין בּויען די יוּדישע מדינה בּיז זי װעט זיין די גרעסטע אוּנ די שענסטע אין דער װעלט. פּרעזידענט איז דער אַלטער, עהרליכער דאָקטאָר אייכענשטאַם.

ליטװאַק האָט אָנגעצױגען דעם גראַמאָפאָן אוּנ די קלאָרע שטי־מע פוּן יאָזעף לעװי האָט זיך געלאָזט הערען:

„מיינע געעהרטע צוהערער!

איהר װילט איך זאָל אייך דערציילען די מעשׂה פוּן דעם יוּדי־שען בּעזעצען זיך אין ארץ־ישׂראל. די גאַנצע זאַך איז זעהר פּשוט. קיין פּאָליטיקער בּין איך ניט געװען, אוּנ װעל אױך ניט זיין. איך האָב נאָר געהאַט איין אױפגאַבּע, װעלכע איך האָב גליקליך אױסגעפיהרט.

מיר האָבען לְכַתְּחִלָה גֶעגְרִינְדֶעט אוּנְזֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט אוּנְטֶער׳ן נָאמֶען נַייֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט צוּ קָאלָאנִיזִירֶען פַּאלֶעסְטִינַא״. דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְט הָאט גֶעשְׁלָאסֶען אַ קָאנְטְרַאקְט מִיט דֶער טֶערְקִישֶׁער רֶעגִירוּנְג וֶועגֶען בֶּעזֶעצֶען יוּדֶען אִין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל. דִי תְּנָאִים פוּנְ׳ם קָאנְטְרַאקְט זֶענֶען אַצִינְד בֶּעקַאנְט פַאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. בְּעֵת מֶע הָאט מִיךְ פַארְ׳ן אָבְּשְׁלִיסֶען דֶעם טְשַׁארְטֶער גֶעפְרֶעגְט, צִי מִיר וֶועלֶען אִימְשְׁטַאנְד זַיין אָבְּצָאהלֶען אַלֶע יָאהר דִי גְרוֹיסֶע סוּמֶע, וָואס מִיר הָאבֶען זִיךְ אוּנְטֶערְנֶענוּמֶען אָקֶעגֶען דֶער טֶערְקִישֶׁער רֶעגִירוּנְג, הָאבּ אִיךְ אָהן שׁוּם סָפֵק גֶעזָאגְט: יָא! מִיר הָאבֶען גֶעדַארְפְט דֶער טֶערְקִישֶׁער רֶעגִירוּנְג תֵּיכֶּף בַּיים קָאנְטְרַאקְט אַנִידֶער לֵעגֶען צְוָואנְצִיג מִילִיאָן רוּבְּל מִיט אַ מָאל אוּנ אַ פִיעֶרְטֶעל פוּן אוּנְזֶער רֵיינֶעם פַארְדִינְסְט. דָאס אַלֶעס אִין אַ מֶשֶׁךְ 30 יָאהר. נָאךְ דִי 30 יָאהר אָבֶער טֵיילֶען מִיר זִיךְ מִיט דֶער טֶערְקִישֶׁער רֶעגִירוּנְג מִיטְ׳ן גַאנְצֶען רֵיוַח אִין גְלַייכֶע טֵיילֶען. אָבֶער דִי רֶעגִירוּנְג הָאט אַ בְּרֵירָה צוּ בֶּעשְׁטִימֶען אַלְס אַיין אֵייבִּיגֶע אָבְּצָאהלוּנְג דִי סוּמֶע פוּן אַ דוּרְכְשְׁנִיטְלִיכֶער יָאהר־אָבְּצָאהלוּנְג פוּן דִי לֶעצְטֶע צֶעהן יָאהר. פַאר דִיעזֶע אָבְּצָאהלוּנְגֶען בֶּעקוּמֶעי מִיר דִי גַאנְצֶע פַארְוַואלְטוּנְג אִין דִי יִשּׁוּבִים אוּנ דִי אֵייבֶּערְשְׁטֶע הֶערְשַׁאפְט גֶעהֶערְט דֶעם סוּלְטַאן...״

אִיךְ קָאן דָא נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען דִי גַאנְצֶע רֶעדֶע פוּן יָאזֶעף לֶעוִוי, חָאטְשׁ זִי אִיז זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְט, וַוייל אִין אִיהר זֶעהט מֶען וִוי אַזוֹי הֶערְצְל שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר דִי אוֹיסְפִיהרוּנְג פוּן זַיין פְּלַאן. בִּקְצוּר וֶועל אִיךְ נָאר זָאגֶען, אַז אִין דֶעם פְּלַאן אִיז אַלֶעס אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט בִּיזְ׳ן מִינְדֶסְטֶען. דִי הוֹיפְּטפְּרִינְצִיפֶען אָבֶער זֶענֶען: שְׁטְרֶענְגֶע אָרְגַאנִיזַאצִיֶע,

װעלכע גיט די מעגליכקייט די שװערסטע זאַכען דורכצופיהרען אין דער קורצעסטער צייט, אונבעדינגטע דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי, אַ דאַנק װעלכער די פיהרערשאַפט בעקומען אַ גאַנצע אַרמיע מיטהעלפער אָהן שום הוצאות און די ברייטעסטע אויסנוצונג פון אַלע נייעסטע המצאות, אַלע בעסטע טעכנישע מיטעל, װעלכע קאָסטען אויפ'ן ערשטען קוק זעהר טייער, באַלד אָבער שטעלט זיך אַרויס, אַז װאָס טייער איז װאָלװיל.

אָט אויף דעם באַזיס אָרגאַניזירט זיך די אַרבייט. אַ צענטראַלע ביוראָ פיהרט אַלע געשעפטען, פאַרטיילט אָבער די אַרבייט אין עטליכע טיילען און גיט יעדען אָפּ זיין ספּעציאַלנאָסט פריי אין די הענט צו טון אַזוי װי זיין שכל טראָגט. אַ בעשטענדיגער טעלעגראַפען־דיענסט פאַראייניגט די פאַרשידענע ביוראָ'ס מיט דער צענטראַלע און אין יעדער מינוט װייסט מען מיט אַלע פּישטשעװקים, װאו מע האַלט אין דער אַרבייט. אין יעדער מינוט קאָן דאָס ביוראָ געניו אָנװייזען. װעלכע פלעקען ערד איז שוין בעזעצט, װאָסער אַ צאָהל מענשען זענען שוין אין לאַנד און װאָסער אַ צאָהל אונטערװעגס און װאו זיי געפינען זיך. אין יעדער רגע קענט איהר זעהן אין ביוראָ, װעלכע אַנשטאַלטען זענען שוין אויסגעבויעט, װעלכע האַלטען אין מיטען אַרבייט און װעלכעס מאַטעריאַל שװימט נאָך אונטערװעגס און װאו סע געפינט זיך אַצינד. דאָס אַלסדינג איז גרויסאַרטיג בערעכענט און דורך בעזונדערע לאַנד־קאַרטען איז אַזאַ אופן איינגעריכטעט, אַז די גאַנצע ריעזען־אַרבייט קאָן איבערבליקט װערען װי אַ פּלאַן פון אַ דירה.

דִי בְּיוּרָא׳ס זֶענֶען פַארְטֵיילְט אוֹיף אַזַא אוֹפָן: פַאר פֶערְזָאנֶען-טְרַאנְסְפָּארְט אוּנְטֶער דֶער אוֹיפְזִיכְט פוּן הֶערְן סְמִיט; פַאר פְרַאכְטֶען אוּנְטֶער רִיבֶּענְץ; פַאר אַרְחִיטֶעקְטוּר אוּנְטֶער שְׁטֵיינֶעק; פַאר מַאשִׁינֶען-אַיינְקוֹיפֶען אוּנְטֶער וַוארְשַׁאוְוסְקִי; פַאר עֶרְד־קוֹיפֶען אוּנְטֶער אַלַא-דִינַא; פַאר פְּרָאוִויאַנְט אוּנְטֶער קָאהן אוּנ בְּרוֹינְשְׁטֵיין; פַאר סֶעמֶענְטֶעס אוּנ בּוֹימְפְלַאנְצוּנְגֶען אוּנְטֶער הַארְבּוּרְגֶער. לֶעאַנְקִין הַאט גֶעפִיהְרְט דִי חֶשְׁבּוֹנוֹת אוּנ וָועלְכֶער דֶער גְלַאוְונֶע סֶעקְרֶעטַאר. אַלֶע צִיוֹנִיסְטֶען אוּנ צִיוֹנִיסְטִישֶׁע אֲגוּדוֹת פוּן דֶער גַאנְצֶער וָועלְט זֶענֶען דִי אַנְגֶענְטֶען פוּן דֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט.

דֶעם מְשַׁארְטֶער אִיז מֶען נִיט בַּאלְד מוֹדִיעַ דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַדְרַבָּא מֶע הַאלְט אִיהם בְּסוֹד אוּנ מִיט דֶער טֶערְקִישֶׁער רֶעגִירוּנְג נֶעמְט מֶען אוֹיס, אַז אַ גֶעוִויסֶע צַייט זָאלֶען נָאךְ בְּלַייבֶּען אַלֶע גְזֵרוֹת, וֶועלְכֶע מַאכֶען שְׁוֶוער דָאס אַרַיינְפָאהֶרֶען קַיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל. דָאס אַלֶעס כְּדֵי נִיט אָנְצוּמַאכֶען קַיין מְהוּמָה פַאר דֶער צַייט, סֶע זָאלֶען זִיךְ נִיט אָנְ-לוֹיפֶען קַיין טוֹיזֶענְטֶער פַאמִילְיֶעס אַיידֶער מֶע אִיז צוּגֶעגְרֵייט זֵיי אוֹיפְ-צוּנֶעמֶען, אוּנ כְּדֵי דִי אַרַאבֶּער זָאלֶען נִיט צוּפִיעל פַארְרַייסֶען דִי פְּרַייזֶען פַאר דֶער עֶרְד.

דָאס עֶרְשְׁטֶע שִׁיקְט לֶעווי אַלַאדִינַאן קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דֶער אַלַאדִינַא אִיז אַ הֶעכְסְט קְלוּגֶער אוּנ פַארְשְׁטֶענְדִיגֶער יוּד, פַארְשְׁטֵיעהט גוּט אַרַאבִּישׁ אוּנ גְרִיכִישׁ אוּנ מֶע אִיז דֶערִיבֶּער זִיכֶער, אַז עֶר וֶועט זִיךְ נִיט לָאזֶען פַארְפִיהרֶען אַפִילוּ פוּן דִי שְׁפִּיצִינְסְטֶע מֶעקְלֶערְ׳ס.

צוּ דֶער זֶעלְבֶּער צַייט פָאהְרְט הַארְבּוּרְגֶער קַיין אוֹיסְטְרַלִיאַ אַיינְ·

צוקויפען די אייקאליפּטוס־בוימער אויף געזונט צו מאַכען דעם אַויר און אויסטרוקענען די בלאָטעס. ווי און וויפיעל ער האָט איינגעקויפט, האָט ער אַלע טאָג געמוזט טודיע זיין ריבּענץ, וועלכער איז געווען ממונה אויף די פּראכטען.

וואַרשאַווסקי'ן האָט ער געשיקט קיין אַמעריקא איינקויפען פון אלערליי מאשינען. וואַרשאַווסקי איז געווען איין אויסגעצייכענטער אינזשעניער און אַז לעווי האָט איהם אָנגעזאָגט ביים אָבּפאָהרען: „קויפט נאָר ניט קיין אַלט אייזען!" האָט ער פאַרשטאַנען וואָס מען מיינט.

וואַרשאַווסקי האָט נאָך געהאַט אין אַמעריקא נאָך אַ פּקודה, ער האָט געדאַרפט פון דאָרטען אומקעהרען קיין פּאַלעסטינא די איינגעוואַנדערטע יודען פון מזרח־אייראָפּא. לעווי האָט מיט רעכט גע־רעכענט, אַז די יודען וואָס זענען שוין אויסגעשטאַנען איין עמיגראַציע איינמאָל וועלען מעהר פעהיג זיין צו דער נייער עמיגראַציע. וואַר־שאַווסקי האָט דעריבּער אין אַלע ערטער מיט הילף פון די ציוניסטישע אגודות, געקריגען ליסטען פון געלערנטע און פּראַקטישע אַרבּייטס־קרעפטען, אין וועלכע ס'איז געשטאַנען גענוי דער נאָמען, די יאָהרען, דאס אָרט וואו ער איז געבאָרען, די ביזהעריגע בּעשעפטיגונג, וויפיעל נפשות אין דער פאַמיליע, וואָס פאַרמאָגט ער אַצינד.

די ציוניסטישע אגודות האָבען עס רעקאָמאַנדירט די קאַנדידאַ־טען און די מאָראַלע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר זיי געטראָגען — דאָס ווירעט דער מחבר אונטער עטליכע מאָל, דערמיט וויל ער אָנמערקען אויף וואָס עס טויגען נאָך זיין מיינונג די ציוניסטישע אגודות און

וָואס פַאר אַ רָאלֶע זֵיי דַארְפָען שְׁפִּילֶען אִין דָער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן שְׁפֶּע־סֶער. דִי אֲגוּדוֹת דַארְפָען זִיךְ אַלְזָא בַּייצַייטֶענְס שׁוֹין זֶעהן פַארְזָארְגֶען מִיט דִי נֵייטִיגֶע יְדִיעוֹת אוּנ װִיסֶענְשַׁאפְטֶען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען קֶענֶען זֵייעֶר זַאךְ טוּן בִּשְׁלֵימוּת — נִיט וִוי אוּנְזֶערֶע אֲגוּדוֹת הַיינְט פַארְבְּרֶענְ־גֶען דִי צַייט מִיט פּוּסְטֶע חֲקִירוֹת אוּנ ווִינְד־פִּילוֹסוֹפְיָא!

אַרְחִיטֶעקְט שְׁטַיינֶעק אִיז דֶערְוַוייל אוֹיךְ אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען קַיין פַּאלֶעסְטִינַא אוּם זִיךְ נֶעמֶען צוּם אוֹיפְבּוֹיעֶן דִי נֵייטִיגֶע בִּנְיָנִים, זַיין רֵייזֶע מַאכְט עֶר דוּרְךְ שְׁוֶועדֶען פִינְלַאנְד, וואו עֶר קוֹיפְט אַיין בִּילִיג הָאלְץ, דֶערְנָאךְ דוּרְךְ דַייטְשְׁלַאנְד אוּנ עֶסְטְרַייךְ — דָארְט קוֹיפְט עֶר אַייזֶען — אוּנ אַלֶע זַיינֶע בֶּעשְׁטֶעלוּנְגֶען גִיט עֶר אִיבֶּער רִיבָּענְט צוּ בֶּעזָארְגֶען עֶס קַיין פַּאלֶעסְטִינַא.

רִיבָּענְץ ווִידֶער מַאכְט דֶערְוַוייל אָב מִיט בַּאהנֶען אוּנ פַּארַאחַאדְ־סְטְוָועס אַז מֶע זָאל רֶעכֶענֶען בִּילִיגֶע פְרַאכְטֶען עֶר מַאכְט אוֹיסֶערְדֶעם קָאמְבִּינַאצִיעֶס מִיט גֶעבְּרָאכֶענֶע טַארִיפֶען אוּנ פַארְדִינְט דוּרְךְ דֶעם אִי גֶעלְד אוּנ בִּילִיגֶער פַארְפְרַאכְטוּנְג, אִי צַייט דוּרְךְ גִיכֶער צוּשְׁטֶעלוּנְג פוּן דִי סְחוֹרוֹת קַיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל.

מִיט אַיינֶעם וָוארְט יֶעדֶער פוּן דִי סְפֶּעצִיאַלִיסְטֶען פִיהְרְט זַיין זַאךְ. אוּנ אַזוֹי וִוי אַלֶע אַרְבֵּייטֶען מִיט עֶנֶערְגִיֶע אוּנ אָנְגֶעוַואפֶּענְט מִיט דִי ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען אוּנ הַמְּצָאוֹת פוּן דֶער לֶעצְטֶער צַייט, גֵעהט דִי אַרְבֵּייט רִיזֶען־טְרִיט פָארְוֶוערְטְס אוּנ אִין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל בֶּעקוּמֶען מִיר אַ יִשׁוּב. וֶועלְכֶער אִיז בֶּאֱמֶת דָאס לֶעצְטֶע וָוארְט פוּן קוּלְטוּר אוּנ מֶענְשְׁ־לִיכֶע עֶרְפִינְדוּנְג.

סָע שְׁטֶעלְט זִיךְ נָאכְדֶעם אַרוֹים, אַז דִי חֶשְׁבּוֹנוֹת זֶענֶען אוֹיךְ רִיכְטִיג גֶעוָוען. דָאס הַייסְט, אַז דִי גְרוֹיסֶע אוֹיסְגַאבֶּען, וָואס לֶעוִוי אוּנ זַיינֶע חֲבֵרִים הָאבֶּען פְרִיהֶער אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דִי אַלֶע אַיינְרִיכְטוּנְגֶען אוּנ אוֹיף אָרְגַאנִיזַאצִיָע, הָאבֶּען תֵּיכֶף שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרָאגֶען פֵּירוֹת אוּנ דִי נַייָע גֶעזֶעלְשַׁאפְט הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַארְדִינֶען אַ סַךְ גֶעלְד.

דָער גַאנְצֶער פְּלַאן אוּנ דִי אָרְגַאנִיזַאצִיָע אִיז אַ גְרוֹיסְקַאפִּיטַא־לִיסְטִישֶׁע. דִי „נַייָע גֶעזֶעלְשַׁאפְט" אִיז דֶער אוּנְטֶערְנֶעמֶער, דֶער פַאבְּ־רִיקַאנְט אוּנ דִי גַאנְצֶע מַאסֶע אַיינְוואוֹנֶערֶער זֶענֶען דִי פּוֹעֲלִים וֶועלְכֶע בֶּעקוּמֶען אַיינְגֶענְטְלִיךְ נָאר טָאג־לוֹין, דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְט צָאהלְט פוּן אִיהרֶע רְוָוחִים אָב דֶעם סוּלְטַאן, וָואס אִיהם קוּמְט לוֹיט קָאנְטְרַאקְט אוּנ דָאס אִיבֶּעריגֶע דַארְף זִי פַארְטַיילֶען אַלְץ דִיוִוידֶענְד אִיהרֶע אַקְצִיאָ־נֶערֶען. נָאר דִי עֶמִיגְרַאנְטֶען וֶוערֶען אָבֶּער אַיינְגֶערִיכְטֶעט אַלְץ אַרְטֶעל צְוִוישֶׁען זִיךְ אוּנ מִיט דֶער צַייט קוֹיפְט דֶער אַרְטֶעל אָב אַלֶע אַקְצִיֶעס פוּן דֶער נַייֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט דוּרְךְ אַיין אַנְלֵייהֶע, וָואס דֶער אַרְטֶעל מַאכְט אוּנ אַזוֹי אַרוּם גֶעהט דִי נַייָע גֶעזֶעלְשַׁאפְט אִיבֶּער פוּן דֶער פָארְם פוּן אַ פְּרִיוואַטֶער אַקְצִיֶען־גֶעזֶעלְשַׁאפְט אִין דִי פָארְם פוּן אַ סָאצִיאַל־פָּאלִיטִישֶׁער חֶבְרָה.

אִין דֶעם פּוּנְקְט לָאזְט זִיךְ נַאטִירְלִיךְ נָאךְ פִיעל רֶעדֶען. הֶערְצְל מֵיינְט, אַז כְּפִי דִי אַקְצִיֶען־גֶעזֶעלְשַׁאפְט אִיז פוּן אָנְהוֹיבּ אָן צוּ־נוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט נִיט פוּן קַאפִּיטַאלִיסְטֶען, וָואס זוּכֶען רֶוַוח, נָאר פוּן צִיוֹ־נִיסְטֶען, וָואס שְׁטְרֶעבֶּען צוּ אַ נַאצִיאָנַאלֶען אִידֶעאַל אוּנ אַזוֹי וְוִי דִי

גֶעזֶעלְשַׁאפְט איז אָבְּהֶענְגִיג פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק דוּרְךְ דִי גְרִינְדֶער־אַקְצִיֶען, וֶועלְכֶע גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דִי הֶענְט פוּן דִי אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע פוּן פָאלְק, אוּנ וֶועלְכֶע הָאבֶּען הַאלְבּ דֵעוֹת בַּיי יֶעדֶער אֲסֵפָה — אִיז שׁוֹין דֶערְמִיט גַאראַנְטִירְט, אַז דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְט זָאל נִיט אַריין־פַאלֶען אִין דִי הֶענְט פוּן גֶעזֶעלְשַׁאפְט־מַאכֶערְס, וֶועלְכֶע וֶועלֶען דִי עֶמִיגְרַאנְ־טֶען הַאלְטֶען אִין אַייזֶערְנֶע הַאנְטְשׁוּהֶען טַאקִי אֵיינְפַאךְ ווִי גֶעדוּנְגֶענֶע פּוֹעֲלִים, אָבֶּער ווִי גֶעזָאגְט לָאזְט זִיךְ דֶערְבַּיי נָאךְ פִיעל רֶעדֶען אוּנ אִיךְ מֵיין, אַז וֶוען סֶע וֶועט הַאלְטֶען דֶערְבַּיי וֶועלֶען נָאךְ אִין דִיזֶען פְּלַאן פִיעל זַאכֶען גֶעעֶנְדֶערְט וֶוערֶען.

יֶעדֶענְפַאלְס אָבֶּער אִיז דֶער פְּלַאן פוּן דֶער אוֹיפְבּוֹיאוּנְג פַאלֶעסְ־טִינַאס אוּנ צוּרִיקְקֶעהרוּנְג פוּן דִי יוּדֶען אַהִין אַזוֹי קְלוּג אוּנ פְּרַאקְטִישׁ צוּנוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט בִּכְלָל, אַז סֶע בֶּאֱמֶת אַ תַּעֲנוּג צוּ לֵייעֶנֶען. אִיךְ בִּין נִיט אִימְשְׁטַאנְד דִי גַאנְצֶע רֶעדֶע פוּן לֶעווִי דָא אִיבֶּערְצוּזֶעצֶען אוּנ פַארְלָאז מִיךְ אוֹיף דִי לֶעזֶער, אַז זֵיי וֶועלֶען שׁוֹין נָאכְזוּכֶען דִי אִיבֶּערְ־זֶעצוּנְג פוּנְ׳ם סֵפֶר אַלֵיין, וואוּ זֵיי וֶועלֶען אַלֶעס לֵייעֶנֶען בִּפְרָטוּת.

XXIX.

דִי לֶעצְטֶע קַאפִּיטְלֶען אִין אַלְטְנַיילַאנְד שְׁטֶעלֶען פָאר דִי רֶעזִי־דֶענְץ־שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם.

דָאס אִיז בֶּאֱמֶת אַ הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט, וואוּ סֶע אִיז קָאנְצֶענְטְרִירְט אַלֶעס גוּטֶע, אַלֶעס שֵׁענֶע!

דָאס גְרֶעסְטֶע אוּנ שֶׁענְסְטֶע הוֹיז אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז נַאטִירְלִיךְ דִי גְרוֹיסֶע שׁוּהל אָדֶער דֶער בֵּית מִקְדָשׁ־מְעַט, וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען

ניט וויט פוּנ'ם אָרט, וואוּ סֶע איז גֶעוועֶן דֶער אַמָאלִיגֶער בֵּית-הַמִקְדָשׁ, אוּנ איז אין רַייכְקַייט אוּנ שֶׁענְקַייט נִיט וֵיעניגֶער פוּנ'ם אַמָאלִיגֶען. סֶע איז גֶעוועֶן אַ גַאנְצֶער וַואלְד פוּן זַאלֶען מִיט גָאלְדֶענֶע דֶעכֶער בֶּעדֶעקְט!

פְרַייטָאג נָאךְ מִיטָאג איז פְּלוּצִים דָאס גֶערוּיש אין דִי גַאסֶען אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוואָרֶען. דֶער שַׁבָּת הַייבְּט זִיךְ אָן. אוּנ פוּן אַלֶע זַייטֶען שְׁטְרָאמֶען מֶענְגֶען מֶענְשֶׁען צוּ דֶער גְרוֹיסֶער שׁוּהל צוּ, אָדֶער צוּ דִי קְלֶענֶערֶע בָּתֵּי-מִדְרָשִׁים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אין אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט. פְרִידְרִיךְ מִיט דָוִד'ס פַאמִילְיֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען אַצִינְד אין יְרוּשָׁלַיִם, גֵעהֶען אוֹיךְ אין שׁוּהל אַריין, אוּנ פְרִידְרִיךְ הָאט זִיךְ גֶע־פִיהלְט ווִי אַ קִינְד, וָואס הָאט נָאךְ לַאנְגֶע לַיידָען צוּרִיקְגֶעפוּנֶען זַיינֶע עֶלְטֶערְן.

יְרוּשָׁלַיִם איז אַיינְגֶעטֵיילְט אין צְווַייעֶן: דִי אַלְטֶע אוּנ דִי נַייֶע שְׁטָאדְט. דִי אַלְטֶע שְׁטָאדְט אַייגֶענְטְלִיךְ איז אַיין אָרְט וואוּ אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער וֶועלְט גֶעפִינֶען אַ הַיים, וַוייל דָארְט איז גֶעוועֶן דָאס מֶענְשְׁ־לִיכְסְטֶע פוּן דֶער וֶועלְט — דָאס לַיידֶען. אין דֶער אַלְטֶער שְׁטָאדְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם איז אִיבֶּערְהוֹיפְּט קֵיין פְּרִיוַואט-הַייזֶער נִיט גֶעוועֶן, נָאר לוֹיטֶער וואהלְטָעטִיגֶע הַייזֶער, פֶערְשִׁידֶענֶע פְּרִיוָטֶען אוּנ שְׁפִּיטֶעלֶער אוּנ ד. ג.

אין דֶער אַלְטֶער שְׁטָאדְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם איז אוֹיךְ גֶעוועֶן אַ הוֹיז, וֶועלְכֶעס מֶע הָאט גֶערוּפֶען „פְרִיעדֶענְס פַּאלַאסְט“. אוֹיף דִי טוֹיעֶרֶען איז גֶעשְׁטַאנֶען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען: „אַלֶעס מֶענְשְׁלִיכֶע קֶעהר זִיךְ מִיט מִיר

אָן. אִין דֶעם פַּאלַאסְט אִיז גֶעזֶעסֶען אַ בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶער רַאט, אוּנ וואוּ עָרְגֶעץ אִין דֶער וֶועלְט סֶע הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַיין אוּמְגְלִיק, לְמָשָׁל גְרוֹיסֶע שְׂרֵפ'ת, גֶעוִויסֶער, הוּנְגֶער יָאהר, עֶפִּידֶעמִיֶע — וֶוערְד בַּאלְד אַהֶער טֶעלֶעגְרַאפִּירְט אוּנ פוּן דַאנֶען וֶוערְד בַּאלְד הִילְף גֶעשִׁיקְט. אַהֶער קוּמֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט נְדָבוֹת אוּנ אַיידְלֶע גְבִירִים זָאגֶען אַהֶער אָב זַייעֶרֶע עוֹלָמוֹתְ'ן. אִינְ'ם פְרִידֶענְסְפַּאלַאסְט וִוירְקְט מֶען נִיט פַאר'ן יוּדִישֶׁען לַאנְד אוּנ זַיינֶע בֶּעוואוֹהנֶער, נָאר בְּפֵירוּשׁ פַאר אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער אוּנ פֶעלְקֶער, וַוייל אִינְ'ם יוּדִישֶׁע לַאנְד קָאן שׁוֹין אַזאַ גְרוֹיסֶע נוֹיט נִיט הֶערְשֶׁען, נָאכְדֶעם ווִי דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אַיינְרִיכְטוּנְג הָאט דֶערְלַאנְגְט אַזאַ שְׁטוּפֶע.

אוֹיסֶערְדֶעם הָאט זִיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעפוּנֶען אַ „יוּדִישֶׁע אַקַאדֶע־מִיֶע", אִין וֶועלְכֶער סֶע אִיז גֶעוֶוען דֶער רֹאשׁ דֶער בֶּעקַאנְטֶער גֶעלֶעהרְ־טֶער דָאקְטָאר מַארְקוּס. דִי אַקַאדֶעמִיֶע אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי ווִי דִי פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע אַקַאדֶעמִיֶע פוּן פֶערְצִיג חֲבֵרִים, וֶועלְכֶע וֶוערֶען אוֹיסְגֶע־קְלִיבֶּען אוֹיף לֶעבֶּענְסְלַאנְג, אוּנ נָאר וֶוען אַיינֶער פֶּטַ'ְהלְט זִיךְ, קְלוֹיבֶּען דִי חֲבֵרִים אוֹיס אַיין אַנְדֶערֶען חָכָם אוֹיף זַיין אָרְט. דִי אַקַאדֶעמִיֶע הָאט נִיט צוּ טוּן מִיט אַיינִיגֶע נַאצִיאָנַאל־אִינְטֶערֶעסֶען. זִי דַארְף אָבְשַׁאצֶען דִי פַארְדִינְסְטֶען פוּן יֶעדֶען חָכָם אַקֶעגֶען דֶער גַאנְצֶער מֶענְשְׁהֵייט. דִי אַקַאדֶעמִיֶע עֶנְטְוִויקֶעלְט דֶערִיבֶּער הוֹיפְּטְזֶעכְלִיךְ פִילָאזָאפִיֶע אוּנ שֵׁיינֶע קוּנְסְט, טֶעכְנִישֶׁע אוּנ מֶעדֶעצִינִישֶׁע וִויסֶענְשַׁאפְט אוּנ אִיז אִין אַ גְרוֹי־סֶע מָאס דִי גְרוֹיסֶע זוּן פוּן חָכְמָה, וָואס בֶּעשַׁיינְט נִיט נָאר דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד אַליין נָאר דִי גַאנְצֶע וֶועלְט.

הערצל אלס קינד פון דער אייראפּייאישער ליבעראלער וועלט-אנשויאונג קאן זיך ניט פארשטעלען א קולטור-לאנד, וואו די חכמים פארשליסען זיך אין איין ענג רעמל פון אייגענע פאלקס־אינטערעסען. אזא לאנד האט ניט קיין ווערט פאר דער מענשענהייט. הערצל וויל אבער ווייזען, אז די יודישע מדינה וועט ניט נאר זיין א מקום מקלט פאר די געיאגטע און געפּלאגטע יודען אליין. זי וועט ווערען א מדינה פון ליכט און בילדונג פאר דער גאנצער וועלט. זיין אידעאל דערביי איז אויך דאס אידעאל פון די נביאים און פון אלע בעסערע מענשען פון אונזער פאלק. אחד־העם שרייבט אין איין ארט, אז ער קאן זיך ניט פארשטעלען, אז נאר צוליב דעם האבען מיר געליטען גלות אזוי פיעל יאהר-הונדערט, כדי נאכדעם צו ווערען א קליין אומה'לע ערגעץ אין א ווינקעלע, מיט וועלכע די דיפּלאמאטיע זאל זיך שפּילען ווי מיט א מיאטשיקעל. ניין, זאגט ער, אז די יודישע מדינה וועט אויפגעבויעט ווערען, מוז זי זיין א מקום מקלט פאר דער אייביגער גערעכטיגקייט און דאס יודישע פאלק דארף ווערען לאור גוים, א שיין פאר אלע פעלקער. אזוי שטעלט אונז אויך הערצל פאר אין זיין אלטניילאנד די יודישע אקאדעמיע, און דער בעוואוסטער מאלער איזאאקס און דער פריעדענס־פּאלאסט און אלעס אנדערע, וואס מיר זעהען אין הערצל'ס ירושלים, שטעלט דאס אידעאל ארויס אין דער פּראקט־פאלסטען פארמע.

נאכדעם ווי די וויבארעס צום קאנגרעס זענען שוין געענדיגט געווארען און די גייערשע פארטיע האט בעקומען אזא שלאג, אז זי

הָאט שוֹין מֶעהר נִיט גֶעקָאנְט הָאפֶען אוֹיף אַ נִצָחוֹן — הָאט זִיךְ דֶער קָאנְגְרֶעס גֶעדַארְפְט צֶענוֹיפְפָּאהָרֶען.

פְּלוּצִים אָבֶער הָאט זִיךְ דֶער אַלְטֶער פְּרֶעזִידֶענְט ד"ר אֵייכֶענְ־שְׁטַאם אָבְּגֶעזָאגְט אוּנ דָאס לַאנְד הָאט בֶּעקוּמֶען אַ נַייֶע זָארְג, אוֹיסְ־צוּקְלוֹיבֶּען אַ נַייֶעם פְּרֶעזִידֶענְט.

דָא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּילְדֶעט צְוֵויי פַּארְטֵייעֶן. אֵיינֶע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר לֶעוִוי אוּנ דִי אַנְדֶערֶע פַאר דֶעם פְּרֶעזִידֶענְט פוּן דֶער אַקָאדֶעמִיֶע דָאקְטָאר מַארְקוּס.

אִינְטֶערֶעסַאנְט אָבֶּער אִיז, אַז גֶערָאד דִיזֶע צְוֵויי קַאנְדִידַאטֶען הָאבֶּען בַּיים קָאנְגְרֶעס זִיךְ קַאטֶעגָארִישׁ אָבְּגֶעזָאגְט פוּן דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטֶעלֶע. לֶעוִוי וַוייל עֶר הָאט בֶּעסֶער גֶעוָואלְט בְּלַייבֶּען בַּיי זַיין רִיהְרִיגֶער אַרְבֵּייט, בַּיי וֶועלְכֶער עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט מֶעהר נוּצֶען צוּ בְּרֶענְגֶען, אוּנ מַארְקוּס וַוייל עֶר הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט שׁוֹין פַאר צוּ אַלְט אוּנ נִיט פֶעהִיג צוּ פַארְשְׁטֵעהן דִי בֶּעשְׁטְרֶעבּוּנְגֶען פוּן דִי יוּנְגֶע לַייט.

דָאקְטָאר מַארְקוּס מִיט לֶעוִוי'ן צוּזַאמֶען רֶעקָאמַאנְדִירֶען דֶעם קָאנְגְרֶעס, מֶע זָאל אוֹיסְקְלוֹיבֶּען דָוִד לִיטְוַואק אַלְס דֶעם פֶעהִיגְסְטֶען אוּנ קְלוּגְסְטֶען מַאן אִין לַאנְד. דָאקְטָאר מַארְקוּס עֶרְקְלֶערְט דֶערְבַּיי, אַז אַזוֹי וִוי לִיטְוַואק הָאט זִיךְ פוּן דֶער קְלֶענְסְטֶער שְׁטוּפֶע אַרוֹיפְגֶעאַרְבֵּייט צוּ זַיין אִיצְטִיגֶער מַדְרֵגָה, אִיז אִיהם דֶערִיבֶּער נָאךְ מֶעהר צוּ שֶׁעצֶען. מֶע דַארְף וַוייזֶען, אַז יֶעדֶעם מִיטְגְלִיד פוּן דֶער נַייֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט קָאן קוּמֶען צוּ דֶער הֶעכְסְטֶער מַדְרֵגָה אִין דֶער מְדִינָה.

דֶער קָאנְגְרֶעס קְלוֹיבְּט וִוירְקְלִיךְ אוֹיס דָוִד לִיטְוַואק. עֶר אַלֵיין

אָבֶער איז בּיים קאנגרעס ניט געווען, ווייל ער איז געווען דעמאָלט בּיי זיין קראַנקער מוטער. די בּשורה, אַז איהר זוהן איז געוואָרען דער גרעסטער מענש אין דער מדינה, טרעפט די אָרעמע ליידענדע נעבּיך אין דער לעצטער מינוט פון איהר לעבּען אונ פאַרשליסט איהר די אויגען מיט אַ שמייכעל פון גליק. אין דיזער לעצטער מינוט ווערד אויך געשלאָסען דער שדוך צווישען פרידריכ'ן אונ מרים, דוד'ס שוועסטער אונ פרידריך מיט קינגסקאַרטען טרעטען אַריין אין דער נייער געזעלשאַפט.

אין שבעה זענען זיך אַלע פריינד צונויפגעקומען מנחם־אָבל זיין דוד ליטוואַק דעם נייעם פּרעזידענט אונ זיין אַלטען פּאטער. דוד איז געווען זעהר נידערגעשלאַגען פון דער מוטער'ס טויט. דאָך טאָר מאַרקוס אָבער האָט איהם געוואָלט אַרויס ציהען פון די טרויעריגע געדאַנקען אונ איהם אומקעהרען צום לעבּען. ער זוכט דעריבּער צו פאַרפיהרען אַ שמועס וועגען דער נייער געזעלשאַפט אונ איהרע ענינים. פרידריך שטעלט דערבּיי אויף אַ שאלה, וועלכע יעדער פון די געסט בּעענטפערט אויף איין אַנדער אופן.

די שאלה איז געווען:

„מיר זעהען דא אַ נייע, אַ גליקליכער פאָרם פון צוזאַמען־לעבּען פון מענשען — ווער האָט דאס אַלעס בּאשאַפען ?”

דער אַלטער ליטוואַק ענטפערט: „די נויט!”

דער אַרכיטעקטאָר שטיינעק זאָגט: „דאס ווידער־פערזאַמעלטע פאָלק!”

קִינְגְסְבְּעֶרְג זָאגְט: „דִי נַייֶע הַמְצָאוֹת!"
דָאקְטָאר מַארְקוּס זָאגְט: „דִי חָכְמָה!"
לֶעווִי זָאגְט: „דֶער רָצוֹן!"
פְּרָאפֶעסָאר שְׁטֵיינֶעק זָאגְט: דִי כֹּחוֹת פוּן דֶער טֶבַע!"
דֶער עֶנְגְלִישֶׁער גַלָח זָאגְט: „דָאס סַבְלָנוּת!"
רֶעשִׁיד־בֵּיי זָאגְט: „דִי אֶמוּנָה אִין זִיךְ אַלֵיין!"
דָוִד לִיטְוַואק זָאגְט: „דִי לִיבֶּע אוּנ דָאס לַיידֶען!"
דֶער אַלְטֶער רָב, רָב שְׁמוּאֵל אָבֶּער הוֹיבְּט זִיךְ אוֹיף אוּנ זָאגְט מִיט כַּוָנָה: „גָאט!"

דֶער מְחַבֵּר אַלֵיין אָבֶּער, וֶועלְכֶער הָאט אִין אָנְהוֹיבּ פוּן זַיין בִּיכְל גֶעשְׁטֶעלְט אַלְס עֶפִּיגְרַאף דִי וֶוערְטֶער: „אַז אִיהר וֶועט וֶועלֶען אִיז עֶס נִיט קַיין מַעֲשֶׂה" שְׁרַייבְּט אַצִינְד צוּם סוֹף אַזוֹי:

„... אַז אִיהר וֶועט אָבֶּער נִיט וָועלֶען, אִיז עֶס אוּנ סֶע בְּלַייבְּט אַ מַעֲשֶׂה, אַלְסְדִינְג וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָא דֶערְצֵייהלְט.

אִיךְ הָאבּ גֶעווָאלְט אַ מַעֲשֶׂה שְׁרַייבֶּען, וֶועלְכֶע זָאל אִין גְלַייכֶער צַייט זַיין אַ תּוֹרָה. מֶעהר מַעֲשֶׂה וִוי תּוֹרָה! וֶועלֶען זָאגֶען אַטֵייל — — מֶעהר תּוֹרָה וִוי מַעֲשֶׂה! וֶועלֶען זָאגֶען אַנְדֶערֶע.... וֶוען אָבֶּער דוּ, מַיין בִּיכְל וֶועסְט קוּמֶען צוּ פְרַיינְדְלִיכֶע לַייט, גְרִיס זְשֶׁע זֵיי פוּן מַיין נָאמֶען אוּנ זָאג זֵיי, אַז אִיךְ מֵיין: אַז חָלוֹמֶ'ן אִיז אוֹיךְ אַ נִיצְלִיכֶע זַאךְ, מִיט וֶועלְכֶער סְ'אִיז כְּדַאִי צוּ פַארְבְּרֶענְגֶען דִי צַייט. חָלוֹם אִיז נִיט אַזוֹי וַוייט פוּן וִוירְקְלִיכְקֵייט אַזוֹי וִוי אַ טֵייל מֵיינֶען. אַלֶע גְרוֹיסֶע מַעֲשִׂים פוּן דִי מֶענְשֶׁען זֶענֶען פְּרִיהֶער גֶעוֶוען אַ חָלוֹם אוּנ וֶועלֶען אוֹיךְ שְׁפֶּעטֶער וֶוערֶען אַ חָלוֹם.

---

אָט הָאבּ איך געענדיגט דעם „קצור אַלטנייַלאַנד". ווי איהר זעהט האָבּ איך מקיים געווען מיין הבטחה. איך האָבּ מיך באַמיהט ניט אַריין קריכען אין די רעד פונ׳ם מחבר, איך האָבּ ניט געוואָלט לויבּען אָדער שענדען דאָס ווערק, וואָס האָט צווישען אונז אַנגעמאַכט אַזאַ רושם. איך האָבּ נאָר געוואָלט דעם יודישען עולם בקיצור באַקענען מיט דעם אינהאַלט פון דעם ספר. אונ דאָס האָבּ איך, דאַכט זיך, אַביסל דערלאַנגט.

איך האָבּ נאַטירליך ניט געקאָנט אייך אַלעס איבּערשרייבּען. איך וואָלט געמוזט איינפאַך דאָס ווערק איבּערזעצען, ווייל אין אַלט-נייַלאַנד שטעלט כמעט יעדעס וואָרט פאָר אַ גרויסען אינטערעס. איך מיין אָבּער, אַז דער לעזער וועט נאָך דעם זיך פּאַראינטערעסירען אונ לייענען דאָס ווערק אין דער יודישער אָדער לשון־קודש׳ער איבּער־איבּערזעצונג, וועלכע וועט ניך ערשיינען.

נאָכדעם אָבּער ווי איך בּין מיט מיין אַרבּייט פאַרטיג געוואָרען מעג איך מיר ערלויבּען אויך אַ וואָרט וועגען ספר בכלל אַרויסצוזאָגען.

מאַקס נאָרדוי האָט זעהר ריכטיג געזאָגט, אַז דאָס ספר איז ניט נאָר וויכטיג פאַר יודען אונ ציוניסטען. ס׳איז אַ קלאַסיש ווערק אין דער אייראָפּייאישער ליטעראַטור. די רייכע פאַנטאַזיע. וועלכע דער מחבר ווייזט אַרויס בּיים שילדערען די אוטאָפּיכטישע לאַגע פון דער יודישער מדינה, איז אַזוי ענג אונ קונציג פאַרבּונדען מיט געזונטען רעאַליזם, ווי נאָך בּיי קיינעם פון די אוטאָפּיסטען. דעריבּער לייענט זיך דאָס ווערק מיט איין אֱמת׳ן פאַרגעניגען

פאַר אונז ציוניסטן אָבער האָט עס גאָר אַ בעזונדער ווערט. ניט־רעדענדיג שוין דערפון וואָס דאָס ווערק קלערט מיט איינמאָל אויף, ווי אַזוי דער דאָקטאָר הערצל שטעלט זיך פאָר די אויספירונג פון׳ם ציוניסטישען רעיון, וועלכעס איז שוין פאַר זיך זעהר וויכטיג פאַר אונז — אויסערדעם אָבער געפינען מיר אין׳ם ווערקל אַזוי פיעל געזונטע ציוניסטישע רעיונות און אַזוי פיעל תשובות אויף שאלות, וואָס ווערען אָפט געפרעגט ביי ציוניסטען, אַז דאָס ווערק בעקומט מיט אַ מאָל איין אגיטאַציאָנס־ווערט פון דער ערשטער מדרגה. און ווען איינער איז ברוגז אַמאי האָט מען געחאפּט דאָס ווערק צום איבערזעצען, בעשטעטיגט ער נאָר דעם אַלטען כּלל: „שנאה מקלקלת את השורה״ די שנאה פאַרשטעלט די אויגען און מאַכט פון ווייס שוואַרץ אַזוי ווי די ליבע מאַכט פאַרקעהרט פון שוואַרץ — ווייס.

אמת אין דעם ספר זענען דאָ שטעלען, וועלכע זענען ניט מוסכּם מיט אונזערע פאַרשטעלונגען ווענען דער יודישער מדינה דערפון אָבער וואָס איינער זאָגט אָפען און עהרליך אַרויס זיין אמונה ווערד גאָר ניט קאַליע. דערצו איז דאָ אַ קריטיק, איין עהרליכע און ערנסטע, וועלכע ווייזט אָן, אַז דאָ האָט דער מחבר אַ פאַלשע ידיעה אָדער אַ שעדליכען דרך און דער מחבר האָט די מעגליכקייט אויך זיינע אַנזיכטען ליטעראַריש צו בעשיצען, דעמאָלט ווערד דאָס פּובּ־ליקום אויפגעקלערט. איך קאָן די אָנפאַלער פון׳ם אַלטנייאַנד פאַר־זיכערען (איך רוף זיי אָנפאַלער ווייל קיין קריטיק אויף אַלטנייאַנד האָט נאָך קיינער ניט געשריבען) אַז אַסך פון זייערע שרייבערייען האָבען אויך ביי אייניצען אַרויס גערופען פּראָטעסטען. אַסך פון זייערע אי־טאַלען זענען אויך ביי אייניצען אויסגעקומען אפּיקורסות. איין אומ־

גְלִיק פַארְ'ן פָאלְק. פַאר וָואס זָשֶע קֶענֶען זַיי צוּ אַנְדֶערֶע נִיט בַּאנוּצֶען דֶעם אֵייגֶענֶעם אַרְשִׁין, מִיט וֶועלְכֶען זַיי ווִילֶען אַלַיין גֶעמָאסְטֶען וֶוערֶען?

אֱמֶת אִין אַלְטְנַיילַאנְד זֶענֶען מַאנְכֶע זַאכֶען פַארְשְׁווִיגֶען גֶעוָוארֶען, וֶועלְכֶע קָאכֶען אוּנְז דָאס בְּלוּט אוּנ מִיר וָואלְטֶען גֶעוָואלְט ווִיסֶען וָואס מֵיינְט דֶערִיבֶּער הֶערְצְל — נָאר פוּן דֶעם וָואס אֵיינֶער זָאגְט נִ י ט זַיין מֵיינוּנְג קָאן מֶען דָאךְ נִיט אַרוֹיסְדְרוּנְגֶען, אַז עֶר הָאט גְרַאדֶע דִי אָדֶער יֶענֶע מֵיינוּנְג אוּנ וָוער סֶע טוּט עֶס, בֶּעווַייזְט דֶערְמִיט אַז עֶר זוּכְט זִיךְ פְּשׁוּט ווִי מֶע זָאגְט, פוּן פוֹילֶע פֶערְד פִּידְקָאוֶועס!

מִיר פָאלִיטִישֶׁע צִיוֹנִיסְטֶען ווִילֶען אוּנְזֶער פָאלְק גֶעבֶּען אַ הֵיים. מִיר ווִילֶען אוּנ גְלוֹיבֶּען אִין דֶער אוֹיפְלֶעבוּנְג פוּן זַיין גֵייסְט אוּנ זַיין שְׁפְּרַאךְ צוּזַאמֶען מִיט זַיין פָאלִיטִישֶׁער פְרַייהַייט, נָאר מִיר גְלוֹיבֶּען אָבֶּער אוֹיךְ, אַז דָאס פָאלְק בִּכְלַל אִיז נִיט קַיין שְׁמִיק טֵייג, וָואס מֶע קְנַייט דֶערְפוּן וָואס מֶע ווִיל. אוּנְזֶער פָאלְק אִיז אַ פְלֵייסִיגֶער תַּלְמִיד עֶר לֶערְנְט אַלֶעס וָואס מֶע טְרָאגְט אִיהם אוּנְטֶער: אַחַד־הָעָם, הֶערְצְל, נָארְדוֹי, בְּרִיסְקֶער רָב, גוּרֶער רֶבִּי; אָבֶּער סוֹף כָּל סוֹף שְׁלָאגְט עֶר זִיךְ אַרוֹיס אוֹיף זַיין הִיסְטָארִישֶׁען וֶועג. מִיר ווִינְשֶׁען דֶערִיבֶּער, אַז דָאס בִּיכְל אַלְטְנַיילַאנְד זָאל בַּאקֶענְט וֶוערֶען בַּיי אַלֶע יוּדֶען. דָאס גֶעזוּנְטֶע אוּנ רִיכְטִיגֶע וָואס דָארְט אִיז דָא זָאל עֶס אַרַיין נֶעמֶען אִין קָאפּ אוּנ דָאס פַאלְשֶׁע אוּנ שְׁוַואכֶע זָאל פַארְשְׁטוֹיסֶען וֶוערֶען דוּרְךְ אַנְדֶערֶע גוּטֶע וֶוערְק, וָואס אוּנְזֶער לִיטֶערַאטוּר הָאט שׁוֹין גֶעשַׁאפֶען אוּנ וֶועט נָאךְ בַּאשַׁאפֶען!

